## א. גומענער

# א קאפּיטל אוקראינע

## (2 יאר אין פּאדאליע)



פארלאג ש. שרעבערק, ווילנע




ווילנה תרפ"ב.

1921.

# אינהאלט:

# הקדמה.

איבּ וועגן אוקראַינע בכלל, מיט אירע שרעקלעכע פּאָגראָמען, אין וועלכע צענדליקע טויזנטער יידישע פאַמיליעס זיינען אויסגעקוי־לעט געוואָרן און טויזנטער ישובים זיינען חרוב געוואָרן, איז פאַר־העלטענישמעסיק זייער פיל גערעדט און געשריבּן געוואָרן נאַר דער לעצטער צייט, איז אָבער וועגן פּאָדאָליע, וואָס איז די לעצטע צוויי יאָר געווען איזאָלירט פון דער גאַנצער וועלט און האָט געלעבּט אין אַ באַזונדערער אַטמאָספער, מיט באַזונדערע אינטערעסן, כמעט ווי ניט גערעדט געוואָרן; די שוידערלעכע מעשים און אייגנ־אַרטיקע געשעענישן, וואָס האָבּן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט, זיינען לגמרי ניט באַלויכטן געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור.

דעריבּער האַלט איך פאַר מיין חוב צו פאַרצייכענען דאָס אַלץ, וואָס איך האָבּ איבּערגעלעבּט פאַר די לעצטע צוויי יאָר.

נעמענדיק אן אַקטיוון אָנטייל אין יידישן געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבּן אין פּאָדאָליע און אויך אין דער אָרטיקער זעלבּסט־פאַרוואַלטונג, איז מיר פאַר דערדאָזיקער צייט זייער פיל אויסגע־געקומען צו זען און נאָך מער צו הערן און דאָס אַלץ וויל איך פאַרשרייבּן.

צום באַדויערן איז מיין גרויסער אַרכיוו, אויסער אייניקע מאַטעריאַלן, פאַרפאַלן געוואָרן, וועל איך דעריבּער מוזן די פאַקטן רעסטאַוורין דורך מיין זיכרון. באַזונדערס בין איך דאַנקבּאַר ח' מ. פּיקס, וואָס האָט מיר אין דעם מיטגעהאָלפן.

איך בין נישט אויסן קיין שום פּאָליטישע אָדער פּאַרטיי־אישע צילן. איך וויל, פּשוט פאַרפיקסירן דאָס, וואָס איך ווייס, כּדי אַז דער קומענדיקער היסטאָריקער, וואָס וועט וועלן באשרייבן די גרויסע בלוטיקע טראַגעדיע פון אַ פאָלק, וואָס איז מאַכטלאָז אויס־געשטעלט געוואָרן צום שווערד—און אויך די העלדישע מאָמענטן פון דער טראַגעדיע—זאָל זיך אויך קענען באַנוצן מיט מיין מאָגערן מאַטעריאַל אויף אַריינצופלעכטן אין דעם דערנער־קראַנץ פון מאַר־טירער דעם חורבן פון פּאָדאָליע.

דער מחבר.

קאַמענעץ־פּאָדאָלסק — ווילנע, מאַי 1921.



# קאמעניעץ און פּאדאליע.

פּאָדאָליע איז, אין אַלגעמיין, פון שטענדיק אָן געוועז א פאַרוואָרפן ווינקל אין רוסלאַנד.

קיין אינדוסטריע איז דאָרט כמעט ווי ניט געוועזן אַנטוויקלט. די צוקער־פאַבריקן — די איינציקע פאָרם פון אינדוסטריע — ליגן דאָס רוב לעבן קליינע שטעטלאַך און דערפער. די יידן האָב געאַרבעט אין דידאָזיקע פאַבריקן בלויז אַלס דירעקטאָרן, בוכ־האַלטערס, מעקלערס.

די יידישע באַפעלקערונג האָט מערסטנטייל געלעבט פון מסחר און פון אַזעלכע אַרט מלאכות, וועלכע זיינען געוועזן צוגעפּאַסט צו דעם אָרטיקן געברויך. דאָרט זיינען ניט געוועזן די צווייגן פון דער יידישער פּראָדוקציע, וועלכע מיר האָבן געטראָפן אין ליטע און פוילן און וועלכע זיינען אָנגעוויזן אויף דעם עקספּאָרט.

נאָך ערגער איז געוועזן אין דעם הינזיכט, די לאַגע פון גובערניאַלן צענטר, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. ביז דער מלחמה האָט קאַמענעץ ניט פאַרמאָגט אפילו קיין באַן.

די יידישע באַפעלקערונג האָט געצויגן איר חיונה פון דעם גוט־באַזיצער און דעם טשינאָווניק.

אָרים און נידעריק איז אויך געוועזן דאָס פּאָליטישע און קולטורעלע לעבן פון פּאָדאָליע.

„די געזעלשאַפט צו העלפן דער אָרימער יידישער באַפעל־קערונג" — איז געוועזן דער צענטער פון דער יידישער געזעל־שאַפטלעכקייט און די „תלמוד־תורה" — אַ צענטער פון קולטור. אין דידאָזיקע אַלע געזעלשאַפטן האָבן געשפּילט די הויפּט־

ראָל האַלב־אַסימילירטע דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ, גבירים און באַלעבאַטים. די מלחמה און נאָכדעם די רעוואָליוציע האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסע איבערקערעניש. די אַלטע גבירים און כלל־טוער זיינען אַראָפּ פון דער סצענע און זייער אָרט האָבן פאַרנומען די אַזויגערופענע ספּעקוליאַנטן — אָדער מלחמה־גבירים.

די אַרבעטער־באַוועגונג איז אויך געווען זייער שוואַך אַנט־וויקלט אין פּאָדאָליע.

עס זיינען ניט געווען אפילו נאָך דער רעוואָלוציע קיין פּאַסנדיקע פּערזאָנען, וואָס זאָלן קענען פאַרנעמען דעם אָדער יענעם פּאָסטן אין די אָרטיקע זעלבסטפאַר־וואַלטונגען. די איינציקע יידישע כלל־טוער, וועלכע זיינען יאָ געווען פעאיק צו פאַרנעמען פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, האָט מען געריסן אויף אַלע זייטן.

אָט דידאָזיקע אָרימקייט אין קולטורעלע כוחות און אינטעליגענץ האָט געשפּילט ניט קיין קליינע ראָל אין די געשעעענישן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין פּאָדאָליע. שטענדיק האָט מען גערעדט אין נאָמען פון 500,000 פּאָדאָליער יידן, זייער ווינציק זיך אָנפרעגנדיק ביי זיי. דאָרט, אין קיעוו, זיינען זיי געזעסן די „פאַרזאָרגער“, און געקריגט זיך געטיילט די ערטער אין נאַציאָנאַל־ראַט. זעלטן ווען די פּראָווינץ האָט זוכה געווען זעען אַ פאָרשטייער פון קיעוו.

אין די ערגסטע און שרעקלעכסטע מאָמענטן, וואָס עס האָבן איבערגעלעבט די פּאָדאָליער יידן, זיינען זיי געבליבן הילפ־לאָז, אָן וועלכער עס איז מאָראַלער שטיצע פון צענטער.

די אָפּגעריסנקייט פון דער פּראָווינץ האָט אויך געהאַט אַ געוויסע, נעגאַטיווע ווירקונג אויף די פירער פון דער יידישער פּאָליטיק אין אוקראַינע: ניט פילנדיק פאַר וועמען עס איז קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט, זיינען זיך די קיעווער יידישע פּאָליטישע טוער צעפאָרן: ווערקיין מאָסקווע און ווער קיין פּאַ־ריז אָדער לאָנדאָן, איבערלאָזנדיק אויף הפקר די גאַנצע

יידישע באַפעלקערונג, אין וועמענס נאָמען זיי האָבן אַזוי ליב געהאַט צו ריידן.

## 15 פעברואר 1919

### (פראסקוראווער פאגראם.)

מיט דעם פאָגראָם אין פּראָסקוראָוו הייבט זיך אָן די נייע בלוטיקע געשיכטע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּאָדאָליע און אוקראינע. אויב נאָך די פּאָגראָמען אין בערדיטשעוו, זשיטאָמיר, אַוורוטש *) א. אַנד. האָבן יידן געוואָלט האָפן, אַז דאָס איז געווען אַ צופעליקע ערשיינונג, האָט זיי פּראָסקוראָווער פּאָגראָם דערוויזן, וואָס זיי האָבן צו ערוואַרטן אין דער נאָענטסטער צוקונפט פון דער הערשאַפט פון די אוקראינער.

שבת, דעם 15 פעברואַר 1919 איז פּאָרגעקומען דער גרוי־זאַמער שוידערלאַכער פּראָסקוראָווער פּאָגראָם און מיט עטלאַכע טעג שפּעטער—דער פ ע ל ש ט י נ ע ר.

עס איז כמעט ניטאָ קיין איין יידישער ישוב אויף אוקראינע, וואו עס זאָל זיך ניט האָבן געגאָסן אומשולדיק יידיש בלוט, נאָר פּראָסקוראָוו און פעלשטין האָבן נאָך אַריבערגעשטיגן אַלעמען מיט זייער גרויזאַמקייט.—אַזוי אומגעריכט און שרעקלאַך, אכזריותדיק זיינען זיי געווען פאַר דער יידישער באַפעלקערונג און אין דער־

---

*) אין אָ ו ו ר ו ט ש, וואָלינער גוב., זיינען פּאָרגעקומען פּאגראמען דעם 28 דעצעמבער 1918 און 16 יאנואר 1919. די אלגעמיינע צאָל הרוגים אין אָווורוטש דערגרייכט ביז איבער 60.

ב ע ר ד י ט ש ע ו ו. דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן דעם 15-טן יאַנואַר 1919 און האָט געדויערט דריי טעג. די קראָמען און די הייזער זיינען צער־ראַבירט געוואָרן. עס זיינען געהרגעט געוואָרן עטלעכע צענדליק יידן.

ז ש י ט אָ מ י ר. דער ערשטער פּאָגראָם איז פּאָרגעקומען 7 יאַנואַר 1919 און האָט געדויערט 5 טעג. דער סך־הכל פון פּאָגראָם: 80 הרוגים, אַ שיעור פאַרוואונדעטע, און זייער פיל געשענדעטע פרויען. די היזקות האָבן דערגרייכט צענדליקער מיליאָנען.

זעלבער צייט זיינען זיי מיט אזאַ ווילדער קאַלטבלוטיקייט, מיט אַזאַ קאָשמאַרן ציניִשן סאַדיזם צוגעגרייט און אָרגאַניזירט געוואָרן אָפיציעל מצד די פאָרשטייער פון אוקראַיִנישע מאַכט.

עס זיינען שוין געמאַכט געוואָרן אויספאָרשונגען וועגן די פאָגראָמען (אַדוואָקאַט גילערסאָן פון קיעוו) און עס וועלן נאָך מסתמא געמאַכט ווערן נאָך אויספאָרשונגען.

איך וויל זיך דאָ נאָר באַנוגענען מיט מיינע אייגענע איינדרוקן. איך קען זייער גוט פראָסקוראָוו און פעלשטין. אַלס באַפאָלמעכטיקטער פון פעטערבורגער און קיעווער קאָמיטעטן (יעקאָפאָ און קאָפּע) האָב איך אָפט באַזוכט דידאָזיקע שטעט.

פראָסקוראָוו איז די מער אינטערעסאַנטערע שטאָט אין פאָדאָליע. זי ליגט לעבן אַ באַן צווישן קיעוו און וואָלאָטשיסק פון איין זייט און צווישן שעפעטאָווקע און קאַמעניעץ פון דער אַנדער זייט. פראָסקוראָוו האָט שטענדיק געפירט אַ גרויסן האַנדל. דאָ זיינען אויך געווען אייניקע פאַבריקן און זאַוואָדן. דאָס געזעלשאַפטלאַכע לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג איז דאָ אויך געווען מערער אַנטוויקלט איידער אין אַנדערע שטעט פון פאָדאָליע. פראָסקוראָוו האָט פאַרמאָגט אַ אינטערעסאַנטע אינטעליגענץ און כלל-טוער פון אַלערליי שאַטירונגען.

מיט אַ חודש פאַר דעם, איידער עס איז אויסגעבראָכן דער פאָגראָם אין פראָסקוראָוו, בין איך דאָרט געווען צוליב פריוואַטע אָנגעלעגענהייטן און איך האָב גאַנץ רואיק פאַרבראַכט אייניקע טעג. קיין זאַך האָט ניט באַוויזן, אַז אויף דער אומגליקליכער שטאָט קלייבן זיך אַזעלכע שוואַרצע וואָלקנס.

אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָט שוין אין אוקראַיִנע געשמעקט מיט פולווער.

די דירעקטאָריע מיט ווינישענקאָן בראש, דעם צוקינפטיגן קאָמוניסט, האָט אַלץ מער פאַרלאָרן דעם באָדן. די אוקראַיִנער פויערים זיינען געווען בכוח אַראָפּצוואַרפן דעם העטמאַן, אָבער ניט צו שאַפן קיין פאָזיטיווע מאַכט. פאַר דער יידישער באַפעלקערונג האָבן זיך אָנגעהויבן שרעקלאַכע טעג. פאַר דער

צייט איז שוין פאַרגעקומען מעשה אָוורוטש, זשיטאָמיר, בערדי־טשעוו א. אנד.

דעם 12 יאַנואַר 1919, איז פאַרעפענטליכט געוואָרן דער אויפרוף פון דער דירעקטאָריע *), נאָכדעם ווי פאַרשיידענע יידישע גרופּן האָבּן אויפגעהויבּן אַגוואַלד וועגן די פּאָגראָמען.

אין דעם אויפרוף קאָמענטירט די דירעקטאָריע פון איין זייט, די פּאָגראָמען אַלס רעזולטאַט פון דער טעטיקייט פון קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן, וועלכע פאַרפלעקן דעם נאָמען פון דער אוקראַי־נישער פאָלקס־אַרמיי. פון דער אַנדער זייט, רופט זי די יידישע באַפעלקערונג צו באַקעמפן די אַנאַרכיסטיש־באָלשעוויסטישע עלעמענטן ד. ה. עס ווערט אָפיציעל אונטערגעשטראָכן די אָנוועזנהייט פון קאָמוניסטן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.

אַלזאָ, כדי צו באַרואיקן דאָס מיליטער און די יידישע באַ־פעלקערונג ווערט אין אַ אָנגעשטרענגטן מאָמענט אַרויסגעגעבּן אַ אויפרוף, וואו עס ווערט אַזוי אָדער אַנדערש אַרויפגעלייגט אַ חוב אויף דער יידישער דעמאָקראַטיע (?) (לייען: רעכטע סאָ־ציאַליסטן, פאָלקס־פאַרטיי, ציוניסטן, אחדות) מוסרן די יידישע קאָמוניסטן אָדער אפשר (?!) בילדן ביי די יידישע קהילות אַ שפּיאָנאַזש־אָרגאַן („קאָנטר־ראַזוועדקע"), וועלכע זאָל אויסגעפי־נען (!) די יידישע קאָמוניסטן און זיי אַרויסגעבּן דעם צעווילדע־ווען אוקראַינישן מיליטער, וועלכעס פלעגט אין יעדן יונגן יידן זען אַ באָלשעוויק**).

פון די אונטערהאַנדלונגען, וואָס זיינען געפירט געוואָרן צווישן די יידישע כלל־טוער און פאַראַנטוואָרטלעכע פאָרשטייער

*) זע ביילאַגע 1.

**) אין יאָר 1920 איז וויניטשענקא געקומען פון אויסלאַנד קיין אוקראַינע, זיך אפגעזאגט פון „סאמאסטינאסט", אַרויסגעטרעטן אפילו קעגן א זעלבשטענדיקער „אוקראַינישער קאמוניסטישער פארטיי" און דערהויפט שארף געגן דער „פעטליוראוושצינע" און פאַרזומען א פאראנטווארטלעכן פאסט אין דער רעגירונג פון דער אוקראַינישער סאציאליסטישער ראטן־רעפובליק.

(Вільна Українiна Львів 1921) .144 ז'

פון דער אוקראַינישער מאַכט, איז צו זען, אַז די אוקראַינער האָבן ווירקלעך אָנגענומען אַזאַ שטעלונג ד. ה. אַז אַלע יידן זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר די יידישע קאָמוניסטן.

די לאַגע פון דער „אוקראַינישער פאָלקס־רעפובליק“ איז דערווייל געוואָרן אַלץ שווערער. כדי צו ראַטעווען זייערע פּאָזיציעס, האָבן די אוקראַינער טוער אויסגעקלערט אַזאַ מין שפיצל: די באָלשעוויקעס טענהן די גאַנצע צייט, אַז די מאַכט דאַרף געהערן דעם אַרבעטער־קלאַס — גוט; אויף אוקראַאינע זיינען אָבער פאַראַן צוויי קאַטעגאָריעס אַרבעטער: פויערים און אינדוסטריע־אַרבעטער; וועט די רעגירונג צונויפרופן אַן אַרבעטער קאָנגרעס און דאָרטן וועט מען באַשליסן דעם גורל פון אוקראַינע. דעם קאָנגרעס וועט די רעגירונג צונויפרופן אויף אַזאַ אופן, אַז די פויערים, ווי אַ מערהייט אין לאַנד, זאָלן אויך האָבן אַ מערהייט אין קאָנגרעס, די אוקראַינער האָבן דערמיט געהאַט בדעה אָפּצושוואַכן די ווירקונג פון די באָלשעוויקעס אין לאַנד. נאָר דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן.

די רעגירונג פון דער „אוקראַינישער פאָלקס־רעפובליק“ האָט געמוזט, אונטער דעם דרוק פון באָלשעוויסטישן חייל, פאַרלאָזן קיעוו און איבערקלייבן זיך קיין ווינניציע אין אָנהייב פעווראַל 1919 יאָר. ווינישעניקאָ איז אַרויס פון דער דירעקטאָריע און אַוועקגעפאָרן אין אויסלאַנד. דער מיניסטאָרן־קאַבינעט האָט זיך אַ קער געטאָן אויף רעכטס און די מאַכט איז אַריבער ענטגילטיק אין די הענט פון די „אַטאַמאַנטשיקעס“*) אַזאַ „אַ ט אַ מ אַ נ ד ל“

*) די פויערשע אוקראַינישע מאַסע האָט אויסגעטיילט פון זיך די קאָזאַקן, זייער אָפט באַנדיטן, וועלכע האָבן זיך, מחמת דער מלחמה אָפּגעוווינט פון געוויינלעכער אַרבעט. די דאָזיקע פויערים־קאָזאַקן האָבן געבילדעט ספּעציעלע אי.סורגענטן־אָפּטיילונגען; צו זיי פלעגן אָפט צושטיין פשוטע פאַרברעכער.

בראש פון אַ וועלכע אָפּטיילונג האָבן זיך געשטעלט געוויינטלעך געוועזענע אָפיצערן, גאַנץ אָפט מאָנאַרכיסטן, אוקראַינישע שאָוויניסטן־אינטעליגענטן, און האָבן געטראָגן דעם טיטל „אַטאַמאַן“ אַזאַ מין אַטאַמאַן איז געווען פאַלקום זעלבשטענדיק, איז זייער אָפט איבערגעגאַנגען פון די אוקראַיניער צו די באָלשעוויקעס און פאַרקערט (גריגאָריעוו, אין 1919, וואָלאָך אין לובאַר, וואָלינער גוב. 1919.

אונטערן נאָמען „סימאָסענקאָ״ האָט זיך אָפּגעפּונען אין פעווראַל 1919 יאָר און פראָסקוראָוו.

די באָלשעוויקעס אויף די ערטער האָבן אויך ניט געשוויגן. עס האָט זיך געפירט אַ ברייטע אַגיטאַציע פאַר דער ראַטן־מאַכט. מען האָט זיך געגרייט צו בילדן אַרבעטער־ראַטן (אין פראָסקוראָוו אויך).

דער תהום צווישן די אוקראַינישע און יידישע פּאָליטישע גרופן איז געוואָרן אַלץ טיפער. ווען די „דירעקטאָריע״ איז נאָך געווען אין קיעוו האָט מען אַפילו געמאַכט אַ פּרוב צו קומען צו אַ פאַר־שטענדיקונג צווישן אוקראַינישע און ניט־אוקראַינישע סאָציאַליס־טישע פאַרטייען (יידישע: „בונד״ און „פאַראייניקטע״), נאָר די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך געענדיקט מיט גאָרניט. קעגן די „פועלי־ציון״, וועלכע האָבן גענומען אַן אָנטייל אין דעם אוקראַ־אינישן מיניסטעריום (רעוואוצקי, גאָלדעלמאַן) האָט זיך אין דער יידישער סאָציאַליסטישער פּרעסע געפירט אַ שאַרפע קאַמפּאַניע („נייע צייט״ — פאַראייניקטע, „פאָלקס־צייטונג״ — בונד). אויף דעם אַרבעטער־קאָנגרעס איז שוין ה׳ ראַפעס, דער לידער פון אוקראַי־נישן „בונד״, אַרויסגעטראָטן אַלס אָנהענגער פון דער רוסישער ראַטן־מאַכט, ביי די „פאַראייניקטע״ איז אייך פאָרגעקומען אַ שפּאַל־טונג אויף רעכטע און לינקע. ווי געוויינלאַך, זיינען די יידישע בירגערלאַכע פּאַרטייען געבליבן אין דעם קאַמף אָן אַ זייט.

אין דער פּראָווינץ האָט זיך דאָס אַלץ אויך אָפּגעשפּיגלט, נאָר דאָרט האָט עס געוויינלאַך אָנגענומען נאָך אַ מער שאַרפערן כאַראַקטער. עס האָבן זיך געפונען אייניקע, מער פּראָגרעסיוו געשטימטע אוקראַינישע טוער, וועלכע האָבן נישט געוואָלט דער־לאָזן צו קיין עקסצעסן, נאָר, צום באַדויערן, זיינען זיי געווען ווינציק און שוואַך.

די לאַגע איז אַלץ געוואָרן ערנסטער. די טעריטאָריע פון דער „אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק״ האָט זיך וואָס ווייטער פאַר־קלענערט. פראָסקוראָוו, ווי איך האָב שוין געשריבן, פאַרנעמט געאָגראַפיש זייער אַ וויכטיקן אָרט.

אין שטאָט האָט מען אָנגעהייבן ריידן , אַז מען גרייט זיך צו אַן אויפשטאַנד .

די אַטמאָספערע איז געוואָרן אַ אָנגעשטרענגטע .

דעם 6-טן פעברואַר איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דעם דערמאָנטן „אַטאַמאַן" סימאָסענקאָ אַ באַפעל בזה הלשון :

# НАКАЗ.

по Запоріжській Козацький Бригаді Украінського Республіканськ го Війська імені Головного Отамана Петлюри.

6 Лютого 1919 року. м. Проскурів.

## ВІДДІЛ ЗАЛОГОВИЙ.

№ 6. Пропоную населенню припинити свои анархічні вібухи, бо з вами у мене досить сил боротися. Це більш всього зав-важаю жидам.

Знайте, що ви народ всіма націями не любимий, а ви робите такий бешкет між хрищеним людом. Хіба ви не бажаете жить, хиба вам не жалко своей нації?

Вас колі не чепають то і сидить мовчки, а то така нещасна нація каламутить бідний люд.

Орігінал подпісав:
Командір Запоріжський Козацкий Бригаді
Отаман СЕМЕСЕНКО:
З орігіналом згіадно: Осаул Брігаді
Значковий ЯЦЕНКО.

# באַפעל.

**צו פּעטליורעס זשאַפּאָראָזשער קאָזאַקן בריגאַדע פונם אוק-ראַינישן רעפּובליקאַנישן מיליטער.**

פּראָסקוראָוו, 6-טן פעברואַר 1919, גאַרניזאָן-אָפּטיילונג. № 6

„איך לייג פאָר דער באַפעלקערונג מאַכן אַ סוף צו אירע אַנאַרכיסטישע אַרויסטרעטונגען, ווייל מיט אייך איז ביי מיר פאַראַן גענוג קראַפט צו קעמפן. מער פון אַלעמען מאַן איך אויף דעם אויפמערקזאַם די זשידעס.

זייט וויסן, אַז איר זייט אַן אומה, וואָס קיין פאָלק האָט אייך ניט ליב, און איר מאַכט נאָך אָן אַזאַ מהומה צווישן די קריסטן!

צו דען איז אייך דאָס לעבן גיט ניחא? האָט איר דען קיין רחמנות ניט אויף אייער אייגן פאָלק?

אַז מען טשעפּעט אייך ניט—טאָ זיצט און שווייגט. אַזאַ שלימזלדיק פאָלק — און בונטעוועט נאָך די אָרעמע באַפעלקערונג!"

געחתמ'עט: „קאָמאַנדיר פון זאַפּאָראָזשער קאָזאַקן בריגאַדע, אַטאַמאַן סימאָסענקאָ.

שטימט מיטן אָריגינאַל:

ע...אול פון דער בריגאַדע „זנאַטשקאָווי" יאַצענקאָ.

אין לופט האָט זיך געפילט דאָס דאָרשטן נאָך יידיש בלוט, מען האָט אין ערגעץ ניט געקענט פאָרן, ווייל מען האָט געהרגעט יידן אויף די באַנען און אויף די וועגן.

אין יענער צייט האָבן די קאָמוניסטן, יידישע און קריסט-לאַכע, באַשלאָסן צו מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן דער מאַכט פון דער אוקראַאינישער פאָלקס-רעפּובליק און פאַר דער ראַטן-מאַכט.

די יידישע סאָציאַליסטן האָבן זיך געבעטן ביי די קאָמו-ניסטן, זיי זאָלן דעם אַרויסטריט ניט מאַכן, ווייל דאָס וועט זיין ענדיקן קאַטאַסטראָפאַל פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

דער פאָרזיצער פון פראָסקוראָווער קולטור=ליגע, דער לידער פון די „פאַראייניקטע“, ח' פ. קרופניק, האָט געטענהט:

„דער אויפשטאַנד וועט צו גאָרניט ברענגען, בלויז טייכן יידיש בלוט וועלן זיך געוויס גיסן אין די פראָסקוראָווער גאַסן“.

זיינע נביאות, זיינען, צום אומגליק, מקויים געוואָרן: צווישן טויזנטער אַנדערע יידן איז ער אויך אויף מאָרגן געהרגעט געוואָרן.

עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס מיינען, אַז קיין אויפשטאַנד איז אין פראָסקוראָוו גאָרניט פאָרגעקומען און דאָס האָבן אויסגעטראַכט די אוקראַינער, כדי זיך צו פאַרענטפערן. נאָר דאָס איז ניט ריכטיק. מעגלעך, אַז די אוקראַינער סאָלדאַטן, וועלכע זיינען כלומרשט צוגעשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערן, האָבן געהאַט געוויסע אינסטרוקציעס פון סימאָסענקאָ צוגעמען, לפנים וועגן, אַ אָנטייל אין אויפשטאַנד, כדי דערנאָך צו קענען מאַכן די שרעקליכע שחיטה. אַ אויפשטאַנד איז אָבער יאָ פאָרגעקומען.

שבת, דעם 15 פעוורואַל 1919, אינדערפרי האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג אין פראָסקוראָוו, אַז די פאָרשטייער פון דער אוקראַינישער מאַכט זיינען אַרעסטירט און אין שטאָט איז ערקלערט געוואָרן ראַטן=מאַכט. די יידישע באַפעלקערונג איז רואיק געגאַנגן איבער די פראָסקוראָווער גאַסן. צייטנווייז האָט זיך נאָר געהערט שיסעריי.

אין לאָקאַל פון „בונד“ איז דאַמאָלסט פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון די יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, כדי צו באַטראַכטן די פראַגע, ווי זיך צו האַלטן ביי דער געשאַפענע לאַגע. מיט אַמאָל — אַ אויפרייס פון אַ באָמבע אין לאָקאַל פון „בונד“, און די באַראַטונג אין זיך צעלאָפן. דער אויפשטאַנד איז דערשטיקט געוואָרן און אין שטאָט איז געוואָרן אומרואיק. מען הייסט זיך צוגיין איבער די הייזער — און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן...

פיר שעה האָט געדויערט די שחיטה. באַוואָפנטע זעלנער פון סימאָסענקעס אָפטיילונג, באַגלייט פון דאָקטורים און סאַניטאַרן *) האָבן אַרומגערינגלט די קוואַרטאַלן, וואו עס וואוינט די

*) טאָמער וועט זיין אַ ווידערשטאַנד מצד דער יידישער באַפעלקערונג, זאלן זיי געבן הילף די פאַרוואונדעטע קאָזאַקן.

אָרימע יידישע באַפעלקערונג, און גענומען זיך צו זייער בלוטיקע אַרבעט.

אַסך יידן, וואָס וואוינען אין אַנדערע קוואַרטאַלן, האָבן אפילו ניט געוואוסט וועגן דעם, עדשט אויף מאָרגן אינדערפרי האָבן די שרעקלאַכע קולות פון די קרובים פון די דערהרגעטע אויפגעוועקט די גאַנצע שטאָט.

עס זיינען געהרגעט געוואָרן ביז 1500 יידן, קליין און גרויס, קינדער און זקנים, מענער און פרויען—אויף קיינעם האָט מען קיין רחמנות ניט געהאַט.

פינקטלאַך גענוי פעסטצושטעלן די צאָל פון די געהרגעטע איז שווער, ווייל סימאָסענקאָ האָט ניט ערלויבט מקבר צו זיין די הרוגים מיט אַ געוויסער אָרדענונג.

די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָרן. די אימה איז געוועזן גרויס. קיין הילף קומט ניט, און די ווילדע חיה—סימאָסענקאָ—סטראַשעט נאָך, אַז ער וועט אויסקוילן די גאַנצע שטאָט - און מען האָט אים געקענט גלויבן.

וועגן פראָסקוראָווער פּאָגראָם דערציילט מען זיך אָן אַזעלכע מעשיות אַז די האָר שטעלן זיך קאַפויר.

מען דערציילט, אַז אַ אוקראַינער אַ דאָקטאָר, האָט געשיקט זיין באַדינער אויף דער „אַרבעט". דער באַדינער האָט זיך אומגעקערט און האָט דערציילט דעם דאָקטאָר, אַז ער האָט געטראָפן אַזאַ שיין יידיש מיידל, אַז ער האָט ניט געקענט פועלן אויפצוהויבן אויף איר אַ האַנט.

דער דאָקטאָר איז אַוועק און האָט אַליין מיט זיינע אייגענע הענט געקוילעט דאָס מיידל. מען זאָגט, אַז די באָלשעוויקעס האָבן דעמדאָזיקן דאָקטאָר געשאָסן אין אָדעס.

מען דערציילט, אַז ביי אייניקע סאָלדאַטן האָט זיך דערוועקט דאָס מענשליכע געפיל און זיי האָבן, לפנים וועגן, נאָך צובראָכן די פענסטער און קיין מענטשן ניט געהרגעט.

פון יענעם טאָג אָן באַהאַלטן זיך שוין מער ניט די פּראָס קוראָווער יידן; זיי זאָגן, אַז ווען זיי וואָלטן אַרויס אַלע 20,000

אויף די גאַסן און זיך געשלאָגן מיט די ווילדע גזלנים,—וואָלטן זיי ניט געווען אַזעלכע הילפלאָזע.

פראָסקוראָוו האָט נאָך דעם פאָגראָם אויסגעזען ווי געשטאָרבן. מענטשן זיינען אַפילו אַרומגעגאַנגען, געמאַכט געשעפט, געאַרבעט, נאָר שטענדיק האָט פאַר זייערע אויגן געשוועבט דער 15 פעברואַר.

ווען איר וועט טרעפן אַ פראָסקוראָווער יידן און זיך מיט אים צערעדן וועגן 15-טן פעברואַר, וועט איר אים ניט דערקענען. זיינע אויגן הייבן אָן בלישטשען און אין זיי דערזעט איר אַ גרויסן צאָרן, וואָס וואַרט אויף נקמה...

דער גרעסטער טייל פון די יידישע סאָציאַליסטן זיינען נאָך דעם פאָגראָם צוגעשטאַנען צו די באָלשעוויקעס, דער פאַרמעגלעכער קלאַס איז זיך צולאָפן.

לעבן פראָסקוראָוו איז געווען אַ קליין יידיש שטעטל—פ ע ל-ש ט י ן. דאָרט איז געווען אַ קליין-שטעטלש קולטורעל לעבן, עס זיינען געווען יידישע פאַרטייען, נאָר קיין באָלשעוויקעס זיינען דאָרט ניט געווען און וועגן אויפשטאַנדן האָבן, פאַרשטייט זיך, פעלשטינער יידן. אַפילו די לינקסטע, גאָר אין זינען ניט געהאַט נאָר דער פאָגראָם האָט זיי אויך ניט אויסגעמיטן.

אַ דאַנק דער מסירה פון איינעם אַ פעלשטינער באַאַמטן וועלכן די באָלשעוויקעס האָבן נאָכדעם דערשאָסן אין פראָסקוראָוו האָט זיך אַריינגעריסן אין פעלשטין אַ צובושעוועטע אָפּטיילונג פון סימאָסענקאָס הייל און געמאַכט אַ שרעקלעכן פאָגראָם. $^1/_3$ פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אויסגעהרגעט געוואָרן.

600—700 אומשולדיקע יידן זיינען געפאַלן פון דעם צעווילדעוועטער אוקראַינער „קאָזאַקענטום".

memento mori (געדיינקט וועגן טויט) האָט זיך געטראָגן איבער די קעפּ פון דער יידישער באַפעלקערונג.

קיין הילף איז ניטאָ. אָבגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט וואַרט די יידישע באַפעלקערונג אין פאַדאָליע ווען עס וועט קומען דער יום-הדין. ניטאָ מער קיין פאַרטייען, ניטאָ קיין ציוניסטן, סאָציאַליסטן, באָלשעוויקעס, אחדות'ניקעס—עס איז דאָ יידן, וועלכע מען קוילעט.

דער פראָסקוראָווער און פעלשטינער פאָגראָם האָט אַרויס־גערופן אַ פולקומען איבערבראָך אין די יידיש־אוקראינישע באַציאונגען. די יידישע, ניט קאָמוניסטישע, גרופן, וועלכע האָבן זיך באַצויגן פאָזיטיוו צו דער אוקראינער באַוועגונג, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער זייט פון די באָלשעוויקעס און מיטגעהאָלפן זיי אין קאַמף געגן דער אוקריינער מאַכט. אויף אַ לאַנגער צייט איז אויסגעוואַקסן אַ תהום צווישן די יידישע מאַסן און דער אוקראינישער פאָלקס־באַוועגונג.

## פאָגראָם־שרעק אין קאַמענעץ און אין ראיאָן.

קאַמענעץ־פּאָדאָלסק איז באַוואוסט אַלס אוקראינאָפילישע שטאָט אין אוקראינע. די באַציאונגען צווישן דער יידישער און אוקראינישער באַפעלקערונג זיינען געווען שטענדיק פריינדלעכע.

אין 1917, ביי דער קאָנסטרואירונג פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, האָט זיך געשאַפן אַ בלאָק צווישן די אוקראינישע און די יידישע סאָציאַליסטן.

דאָך זיינען פאָרגעקומען איניקע רייבונגען ביי די איבערגאַנגס־פעריאָדן. אַזוי למשל, האָבן אין יאַנואַר 1918 די רוסישע מיליטער־טיילן, אָפּטרעטנדיק פון גאַליצישן פראָנט, פאַרנומען קאַמענעץ־פּאָד. און איינגעפירט דאָרטן ראַטן־מאַכט.

ווען די אוקראינער האָבן אין פעברואַר דעמזעלביקן יאָר מיט דער הילף פון די דייטשן פאַרטריבן די באָלשעוויקעס, האָבן זיך אָנגעהייבן אין קאַמענעץ, אַזוי ווי אין קיעוו, רייבונגען צווישן די אוקראינישע און יידישע סאָציאַליסטן. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די אוקראינער האָבן באָיקאָטירט די ערשטע פייערונג לכבוד „טאַראַס שעווטשענקאָ, *) אין דער קאַמענעצער דומע.

די אוקראינער ראַטמענער זיינען ניט געקומען צו דער פייערלעכער זיצונג פון שטאָט־דומע, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט

*) א באַרימטער אוקראינישער פאעט און קעמפער פאר נאציאנאלע און סאציאלע באַפרייאונג.

פייערן דעם אָנדענק פון „טאַראַס שעווטשענקאָ" צו זאַמען מיט די יידן.

ניט קוקנדיק אויף דעם, האָבן די יידישע סאָציאַליסטן גאַנץ אימפּאָזאַנט דורכגעפירט די זיצונג און באַשלאָסן, כמעט דורכאויס מיט יידישע שטימען אָנצורופן אויפן נאָמען פון „טאַראַס שעווטשענקאָ" די ראָמאַנאָווער גאַס און אַ שול.

אָט אַזוי האָט זיך אין קאַמענעץ אָפּגעשפּיגלט די פּאָליטיק פון די אוקראַינער קליין-קעפּלדיקע פירער נאָך דעם ברעסקער שלום, *) ווייל זיי האָבן גערעכנט, אַז די דייטשע באַגנעטן פאַרזאָרגן זיי מיט אַ גלענצנדער צוקונפט.

נאָר די באַציאונגען צווישן די אוקראַינער און די יידישע סאָציאַליסטן האָבן זיך ווידער פאַרבעסערט, ווען די לאַגע פון די אוקראַינער איז געוואָרן ערגער.

די יידישע סאָציאַליסטן האָבן צוזאַמען מיט די אוקראַינער ענערגיש פּראָטעסטירט קעגן דער העטמאַנישער איבערקערעניש**) און מיטגעהאָלפן דער דירעקטאָריע אין איר אויפשטאַנד***) קעגן דעם העטמאַן.

די יידישע טוער פון קאַמענעצער שטאָט-פאַרוואַלטונג האָבן מיטגעהאָלפן עפענען אין קאַמענעץ אַ אוקראַינישן אוניווערסיטעט

און נאָך אַלעמען האָבן די פאָרשטייער פון דער ניי גע-באָרענער „דערזשאַווני נאַצי" ****) געקוקט מיט גרויס חשד אויף „מענשיסטי" (מינאָריטעטן—יידן, רוסן, פוילן).

---

*) אין אָנהויב 1918 האָבן די אוקראַינער געשלאָסן אַ סעפּעראַטן שלום מיט די דייטשן אין בריסק.

**) די דייטשן האָבן פונאַנדער געלאָזט דעם אוקראַינישן פּאַרלאַמענט די „צענטראַלע ראַדע" און אַוועקגעזעצט אַ העטמאַן - 30 אַפּריל 1918

***) אין נאָוועמבער 1918 האָט דאָס אוקראַינישע פוילערטום געמאַכט אַ אויפשטאַנד קעגן דעם העטמאַן בראש פון דעם אויפשטאַנד האָט זיך געשטעלט די דירעקטאָריע; אין וועלכע עס איז אויך אַריין צווישן אַנדערע פּעטליורא און ווינישענקאָ

****) הערשנדע נאַציע (מלוכה-נאַציע).

ביי יעדער געלעגנהייט האָבן די אוקריינער אונטערגע-
שטראָכן אַז דאָס דעצידירנדיקע וואָרט אין פּאָליטישע פראַגן
געהערט זיי.

גלייך, ווי עס זיינען אַריבערגעגאַנגען די פייערלעכע טעג
נאָך דער איבערקערעניש מצד דער דירעקטאָריע, האָבן זיך אָנ-
געהייבן רייבונגען צווישן אוקראַינישע און יידישע סאָציאַליסטן
אין דער פראַגע מכח וואַלן פון אַ שטאָט גאָלאָוואַ אין קאַמענעץ-
פּאָדאָלסק. עס האָט זיך ניט איינגעגעבן צו שאַפן אַ אָרגאַניזאַ-
ציע, וועלכע זאָל פאַראייניקן די דעמאָקראַטישע כוחות פון אוק-
ראַינער און ניט-אוקראַינער.

די באַציאונגען צווישן יידן און אוקראַינער זיינען גע-
וואָרן קעלטער.

אין קאַמענעץ-פּאָדאָלסק איז זיך דערווייל אַלץ געענדיקט
כשורה. עס זיינען פאָרגעקומען וואַלן צום אַרבעטער-קאָנגרעס
אין יאַנואַר 1919, אמת מיט אַ קליינעם איבערשלאַג. עס איז
אָבער געווען שטיל.

מיט אַמאָל פּ ר אָ ס ק ו ר אָ ו ו!

עס איז געווען אַזוי אונדערוואַרטעט און גרויזאַם, אַז קיי-
נעם האָט זיך עס ניט געוואָלט גלויבן. ח' ד' איז געקומען און
דערציילט, אַז שבת דעם 15-טן פעברואַר איז ער געווען אין
פּראָסקוראָוו און צוריקוועגס, אַז ער האָט שוין געהאַט אָפּגע-
פאָרן אַ סטאַנציע, אין ג ר ע ט ש אַ ן, האָט ער געהערט שיסעריי,
בעלי-גלות האָבן דערציילט, אַז אין פּראָסקוראָוו איז אַ „איבער-
קערעניש".

נאָר אָט האָט זיך באַוויזן אין קאַמענעצער צייטונג
(Життя Поділл'я) אַ באַפעל פון גובערניאַלן קאָמענדאַנט
(מען האָט אים נאָכדעם געפּאַקט ביי אַ גנבה און ער איז אַנט-
לאָפן) צום פּראָסקוראָווער פּאָוויאַטאָוון קאָמענדאַנט וועגן די
עקסצעסן קעגן יידן:

„Жинок і дітей не убивати!" —

פרויען און קינדער ניט הרגענען. הייסט דאָס: 1) אַז
מען האָט טאַקע געהרגעט יידישע פרויען און קינדער זין פּראָס-

קוראָוו און 2) אַז יידישע מאַנסבילן מעג מען גלאַט הרגענען!

די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אויפגערודערט. מיט אַ מאָל פאַרשפרייט זיך אַ קלאַנג, אַז דער גזלן סימאָסענקאָ קלייבט זיך אויף קאַמענעץ. אין שטאָט איז געוואָרן אַ שרעקלעכע פּאַניקע. די נערוועזיטעט האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה. עס איז געווען גענוג, אַז איינער זאָל אָנהויבן לויפן, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פאַרמאַכן די קלייטן, און די לאָדנס פון די פענסטער האָבן גענומען קלאַפּן.

עד היום קלינגט נאָך ביי מיר אין די אויערן דער רויש פון פאַרמאַכן די פענסטער און די טויערן.

וואָס טוט מען?

פאָרן האָט מען ניט געקענט, ווייל ס'איז געווען אַ סכנה: מען האָט געהרגעט יידן אויף די באַנען און די וועגן. פון איין זייט איז דער רומענישער גרעניץ און פון דער אַנדער זייט — דער גאַליציש-פּוילישער פראָנט.

און קאַמענעצער קהלה האָט אָנגעהויבן שיקן דעלעגאַציעס צו די אוקראַינער טוער, משתדל זיין זיך, בעטן, אויפווייזן, פרעגן. מען איז געווען ביים רעקטאָר פון אוניווערסיטעט ה' אָגיענקאָ און ער האָט צוגעזאָגט אַלץ צו טאָן.

איך און ה' אַלטמאַן (ציוניסט) זיינען געווען ביי ה' קוריענקאָ, געהילפס-גובערניאַלער קאָמיסאַר, וועלכער איז נאָרוואָס געקומען פון פראָסקוראָוו. דער געשפרעך מיט אים האָט געמאַכט אויף אונז אַ שרעקלעכן רושם. „יידן האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד און געוויינטלעך זיינען פאַראַן אומשולדיקע קרבנות".

מיר זיינען געגאַנגען צו דעם גובערניאַלן קאָמיסאַר, ה' סטעפּורא, אַ היימישער קריסט, אַ אָרטיקער געשוואָרענער אַדוואָקאַט. ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אָננעמען אַלע מיטלען צו ראַטעווען קאַמענעץ, נאָר עס זאָל זיין שטיל.

„אין פראָסקוראָוו, פאַרשטייט איר מיר, האָבן 12 זשידקעס געמאַכט אַן אויפשטאַנד, אַרעסטירט דעם קאָמענדאַנט, פאַרנומען די פּאָסט און, נאַטירלעך, זיינען געווען אומשולדיקע קרבנות".

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה געשפּרעכן מיט אוקראַינער

טוער און אַלע האָבן כמעט זיך געזעגנט מיט דעמזעלבן נוסח:

„Як буде виступ, — буде різня"

„אויב עס וועט זיין אַ אַרויסטרעטונג, וועט זיין אַ שחיטה".

וואָס האָט מען געקענט טאָן?

די קהלה האָט פונדעסטוועגן ענערגיש געאַרבעט. זי האָט געשיקט דעפוטאַציעס, וועגן וועלכע איך האָב שוין פריער גע-רעדט. מען האָט געשיקט טעלעגראַמעס צום יידישן מיניסטער אין וויניצע צו דער אוקראַינישער רעגירונג, צו דער וויניצער קהלה. די קהלה האָט שיין אָבער צו יענער צייט פאַרלאָרן איר אַווטאָריטעט. קיין פּלענאַרע זיצונגען זיינען צו דער צייט כמעט ניט פאָרגעקומען. די פּאָליציי האָט איינמאָל צוטריבן די קהלה, און האָבנדיק מורא פאַר עקסצעסן, האָט מען זי כמעט ניט צונויפ-גערופן.

די שטימונג איז געוואָרן אַ מוראדיקע. אַלע זיינען גע-גאַנגען ווי פאַרמשפטע און מ'האָט נאָר געוואַרט, ווען וועט אָנ-קומען דער יום-הדין.

שרעקלעך איז געווען די לאַגע פון די יידישע סאָציאַ-ליסטן. פון איין זייט זיינען זיי געווען נעענטער צו די אוקראַי-נישע פאַרטייען (אוקראַינער סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אוקראַינער סאָציאַל-רעוואָליוציאָנערן) און האָבן געקענט מער ווירקן אויף זיי. במילא איז אויף די יידישע סאָציאַליסטן געלעגן אַ גרעסערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. פון דער אַנדער זייט זיינען זיי געווען שרעקלעך טעראָריזירט מצד דער אוקראַינישער מאַכט, ווייל אַלע זיינען זיי געווען פאַררעכנט אַלס „באָלשעוויקעס".

דער אויבנדערמאָנטער קאָמיסאַר „סטעפּוראַ" האָט געשיקט רופן צו זיך אַן אָנגעזעענעם כלל-טוער פון קאַמענעץ-פּאָדאָלסק, אַדוואָקאַט ק. (פאָלקס-פאַרטיי) און ב. (אַ מענשעוויק) און האָט זיי געמאָלדן: „היות ווי ער האָט ידיעות, אַז מען גרייט זיך צו אַ אויפשטאַנד און כאָטש ער ווייס גאַנץ גוט, אַז די יידישע סאָציאַליסטן (איך און ח' ב.) זיינען קעגן דעם אויפשטאַנד, דאָך איז ער אונז מתרה וועגן דעם, אַז אויב עס וועט זיך איבערחזרן

פּראָסקוראָווער געשיכטע, וועט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַלן אויף אונז".

די יידישע סאָציאַליסטן האָבן געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן געקענט. אין קאַמענעץ איז געווען אַן אַרבעטער־קלוב, וואו עס פלעגן זיך צונויפקלייבן יעדן אָוונט ביז 200 אַרבעטער*).

די יידישע באַפעלקערונג האָט מורא געהאַט, עס זאָלן ניט פּאָרקומען קיין עקסצעסן איבער דעם אַרבעטער־קלוב, וואו די יידישע סאָציאַליסטן האָבן געשפּילט דן הויפּט־ראָל.

און די יידישע סאָציאַליסטן האָבן באַשטימט צו פאַרמאַכן דעם אַרבעטער־קלוב, כדי ניט צו געבן די קלענסטע מעגלעכקייט פאַר אַ וועלכער עס איז פּראָוואָקאַציע אין פּראָסקוראָווער גייסט.

שוין נאָך דעם באַשלוס פון פאַרוואַלטונג פון „אַרבעטער־קלוב" האָט דער קאַמענעצער ר־ גוטמאַן געשיקט צו מיר אַ שליח אין נאָמען פון בית־דין און מיך געבעטן אָננעמען אַלע מיטלען, דער קלוב זאָל צייטווייליק זיך פאַרמאַכן. עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַלע פאַרזאַמלונגען. די יידישע סאָציאַליסטן האָבן אויך געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די יידישע באָלשעוויקעס און ביי זיי געפועלט, אַז אויף וויפיל זיי וועלן קענען ווירקן, וועלן זיי אין קאַמענעץ צו קיין אויפשטאַנד ניט דערלאָזן; דאָס איז ניט שווער געווען אויסצופועלן, ווייל אין סטראַטעגישן זין האָט קאַמענעץ ניט געשפּילט קיין וויכטיקע ראָלע. אַזאַ מין אויפשטאַנד האָט זיך געקענט ענדיקן נאָר מיט אַ קאַטאַסטראָפע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

די יידישע באָלשעוויקעס האָבן זייער וואָרט געהאַלטן און צו קיין אויפשטאַנד ניט דערלאָזן.

נאָר די לאַגע אין שטאָט און אין ראַיאָן איז געוואָרן אַלע טאָג ערגער. דאָס דעמאָראַליזירטע אוקראַינישע חייל איז

---

*) די אלגעמיינע צאָל מיטגלידער פון קלוב איז געווען 700—600 יידן אין קריסטן, אָנהייבנדיק פון צעירי־ציון און ענדיקנדיק מיט אנארכיסטן און באָלשעוויקעס

אָפּגעטראָטן צום זברוטש*), אויסלאָזנדיק זייער כּעס צו דער אומשולדיקער יידישער באַפעלקערונג. אין קאַמענעץ און אין ראַיאָן האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן אָפּטרעטנדיקע טיילן פון אוקראַאינישן חייל. אַלע טאָג קומען אָן קיין קאַמענעץ פאָרשטייער פון קליינע שטעטלעך און בעטן הילף. אָבער וואָס האָבן געקענט טאָן קאַמענעצער יידישע כּלל-טוער? זיי האָבן קנאַפּ וואָס געקענט אויפטאָן פאַר זיך אַליין, אָפּצוהיטן דאָס לעבן פון קאַמענעצער יידן גופא, בפרט נאָך פאַר די שטעטלעך.

און מיטאַמאָל, אין סוף מערץ, שיקט מען רופן די פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע-פאַראיינען, פון דעם אַרבעטער-קלוב, יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען (אויסער „פּועלי-ציון") און זאָגאַר באָלשעוויקעס. וואָס איז?—די אוקראַאינישע מאַכט איז זיך צעפאַלן.

האָט זיך געבילדעט אין קאַמענעץ-פּאָדאָלסק דעם 22-טן מערץ 1919 אַ קאָמיטעט אָפּצוהיטן די רעפּובליק, אין וועלכן עס זיינען אַריין פאָרשטייער פון אוקראַאינישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, פון פּאָוויאַטאָוון פּויערים-צוזאַמענפאָר און מיליטער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין קאַמענעץ. פאָרזיצער פון „קאָמיטעט" איז געווען אַ אוקראַאינער סאָציאַל-דעמאָקראַט, געוועזענער פּרעמיער נאָך דעם אויפשטאַנד קעגן העטמאַן, טשעכאָווסקי (צווישן די מיטגלידער זיינען געווען: סטעפּאַנענקאָ, מאַזעפּאַ, טקאַטשענקאָ און אַנדערע אָנגעזעענע אוקראַאינישע פּאָליטישע טוער).

דער קאָמיטעט האָט אָפּגעהאַלטן די עוואַקואַציע פון די מיניסטעריומס, וועלכע האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אין קאַמענעץ און וועלכע האָבן געדאַרפט, לויט אַ פאַראָרדענונג, עוואַקואירן זיך קיין ראָווגע. דער קאָמיטעט האָט געהאַט דעם ציל צו מאַכן אַ סוף צו די וואַקלונגען פון דער דירעקטאָריע און איבערהויפּט צו איר אַנטאַנטישער אָריענטאַציע, און שליסן שלום מיט די באָלשעוויקעס. צוליב דעמדאָזיקן ציל האָבן געדאַרפט אַרויסגעשיקט ווערן 2 דעלעגאַציעס: איינע צו דער דירעקטאָריע און די צווייטע – צו די באָלשעוויקעס.

*) זברוטש — איז אַ טייך, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די געוועזענע גרעניץ צווישן עסטרייך (גאַליציע) און רוסלאַנד (פּאָדאָליע).

אין דעמדאָזיקן קאָמיטעט האָט מען אונז, יידישע סאָציאַ־ליסטן און די איבעריקע פאָרשטייער פון אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַ־ניזאַציעס, אויך פאָרגעלייגט אַריינצוטרעטן. מען האָט אויך אָנגעוויזן, אַז מען האַלט פאַר זייער וויכטיק, אַז די ניט־אוקראַינישע פאַרטייען זאָלן נעמען אַן אָנטייל אין די דעלעגאַציעס, איבערהויפּט אין דער דעלעגאַציע צו די באָלשעוויקעס.

אַזוי ווי מיר, אָנהייבנדיק פון די רעכטע סאָציאַליסטן ביז די יידן־באָלשעוויקעס, זיינען די גאַנצע צייט געווען באַזאָרגט מיט דעם, ווי אויסצומיידן די פּאָגראָם־ געפאַר, וואָס איז געהאַנגען איבער דער יידישער באַפעלקערונג, האָבן מיר דעריבער אַוועקגעשטעלט די ערשטע פראַגע אויף דער זיצונג פון „קאָמיטעט אָכראָני‟*), וואָס קלערט דער „קאָמיטעט‟ צו טאָן, כּדי אָפּצוהיטן די יידישע באַפעלקערונג.

מען האָט אונז אויף־דער זיצונג פאַרזיכערט, אַז עס ווערט אַלץ געטאָן, כּדי פאַרהיטן דאָס לעבן פון די יידן. נאָר נאַטירלעך ווערט עס נאָר דאַן מעגלעך זיין, אויב עס וועט זיין אַ אָרדענונג‟. אונזער לאַגע איז געוואָרן אַ פאַרצווייפלטע: אַריינצוטרעטן אין „קאָמיטעט אָכראַני‟—האָט געהייסן—קודם־כּל, נעמען אויף זיך אַ גרויסע פּאָלי־טישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און צווייטנס, טאָמער פאַלט דער „קאָ־מיטעט‟ דורך—קענען מיר אַרויפּברענגען אַ סך צרות אויף דער יידישער באַפעלקערונג. ווידער, אָפּזאָגן זיך אַריינטרעטן אין אַזאַ לינקן אוקראַינישן קאָמיטעט — האָט געקענט אויסגעטייטשט ווערן מצד די אוקראַינער אַלס קעגן אוקראַינישע אָריענטאַציע. מיר האָבן באַשטימט דעריבער אָפּצוואַרטן, ניט געבן גלייך קיין קלאָרן ענט־פער. אין דעמזעלבן טאָג האָבן מיר באַקומען ידיעות, אַז עס זיינען אָנגעקומען פאַרדעכטיקע „טיפּן‟, וואָס זוכן אין קאָמיטעט זשידעס. ביי אַזאַ מצב, וואָלט געווען זייער לייכט צו ערקלערן, פאַרוואָס די אָנגעזעעענסטע אוקראַינישע טוער זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן

*) אַזוי האָט געהייסן דער קאָמיטעט.

דער „דירעקטאָריע"*).

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ה׳ טשעכאָווסקי באַשטעטיקט אונזער פּאָליטיק און האָט צוגעגעבן: „די איינציקע זאַך, וואָס דער קאָמיטעט האָט אויפגעטאָן, איז — וואָס ער האָט געראַטעוועט די יידישע באַפעלקערונג פון אַ פּאָגראָם".

פון „קאָמיטעט אָכראַני" דאָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט. צו די באָלשעוויקעס האָט מען אַפילו קיין דעלעגאַציע אויך ניט געשיקט. די דירעקטאָריע האָט ניט געוואָלט פירן קיין אונטער־האַנדלונגען מיט דער דעלעגאַציע, וועלכע איז געווען געשיקט צו איר. די דעלעגאַטן האָט מען אַרעסטירט.

אין קאַמענעץ איז דערווייל געקומען אַ „אַטאַמאַנדל" כאָמאַדענקאָ און האָט אַרעסטירט די אָנגעזעענסטע אוקראַאינישע טוער, ווי גאָלובאָוויטשן (געוועזענער פּרעמיער), א. זשוקאָווסקי, מאַזעפּאַ, אַ. סטעפּאַנענקאָ; די אַרעסטירטע אוקראַאינישע טוער האָט מען אין דעמזעלבן טאָג אַרויסגעלאָזן.

דער „אַטאַמאַנדל" האָט זיך שטאַרק געוואונדערט, וואָס אין דער „חתונה" האָבן ניט גענומען קיין אָנטייל די „זשידעס".

— אַהאַ, האָט ער געזאָגט, — מיר האָבן זיי שוין גוט אויסגעלערנט אין פּראָסקוראָוו.

דער „אַטאַמאַנדל" האָט זיך ניט באַרואיקט און האָט גע־וואָלט מאַכן רעוויזיעס אין די הייזער, כלומרשט צו זוכן געווער. מיט וואָס דאָס שמעקט, האָט די ייד׳שע באַפעלקערונג גאַנץ גוט געוואוסט, — און אין שטאָט איז געוואָרן אומרואיק. צום גליק פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, האָט דער „אַטאַמאַנטשיק" אָנגערירט אָנגעזעענע אוקראַאינישע כלל־טוער, און פון גאַליציע איז אַרויס־גערופן געוואָרן אַ ספּעציעלע גאַליצישע אָפּטיילונג, וועלכע האָט אַרעסטירט דעם „אַטאַמאַנדל" און אַנטוואָפנט זיינע קאָזאַקן.

אין שטאָט איז געוואָרן רואיקער. די גאַליצישע אָפּטיילונג האָט זיך געפונען אין שטאָט ביז דעם אַריינקומען פון די באָל־

*) די „דירעקטאָריע" האָט געזען אין דעם „קאָמיטעט אָכ־אַני" אַ „פאַרמאַסקירטן באָלשעוויסטישן רעווקאָם"

Вільна Україна, Львів 1921, (זייטע 44)

שעוויקעס — און האָט פולקום אָפּגעהיט די אָרדענונג. די אָר-דענונג האָבן אויך געהאָלפן אָפּהיטן די „יונאָקעס" (יונקערס).

אין דער פּראָווינץ איז די לאַגע געווען אַ סך ערגער, ווי אין קאַמענעץ. דאָ האָט מען כאָטש געקענט ריידן צו אַ מאַכט, צו געזעלשאַפטלעכע טוער; אין די קליינע שטעטלעך איז געווען געגנוג עס זאָלן זיך אַריינרייסן איינציקע באַוואָפנטע זעלנער, אָדער, פּשוט, באַנדיטן, און אָנמאַכן די גרעסטע אומגליקן.

די אוקראַינישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן, אויב מען זאָל ניט רעכענען דעם „קאָמיטעט אָכראַני", האָבן זיך געהאַלטן גאַנץ פּאַסיוו צו די פּאָגראָמען. זיי, מיט זייערע פויערשע קעפּ, האָבן ניט געקענט און ניט געוואָלט פאַרשטיין, אַז די פּאָגראָמען לאָ די וואָס זיי ברענגען אום די יידישע באַפעלקערונג, נאָר זיי מאַכן אויך אַ סוף צו דער עקסיסטענץ פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק.

אין די אוקראַינישע קרייזן אויף וועלכע עס האָט זיך אָנגע-שפּאַרט די אוקראַינישע פאָלקס-רעפּובליק, איז אויך ניט געווען צו מערקן קיין איבעריקס געהויבענע שטימונג.

מיר איז אויסגעקומען אין דעמדאָזיקן פּעריאָד צו אַרבעטן אַלס מיטגליד פון „גובערניאַלן זעמסקן צוזאַמענפאָר"**) מיט דער אוקראַינישער אינטעליגענץ פון פּאָדאָליער גובערניע אויף אַ צוזאַמענפאָר פון די ראַטמענער, נאָך פּראָסקוראָווער פּאָגראָם.

אַ סך פון זיי האָבן גאָרניט געפונען פאַר נייטיק צו באַ-האַלטן זייער נעגאַטיווע באַציאונג צו דער מאַכט פון דער „אוק-ראַינישע פאָלקס-רעפּובליק".

און ווען עס האָט זיך באַקומען אַ טעלעגראַמע פון פּעט-ליורען, אַז ער האָט פאַרנומען זשיטאָמיר*), האָט מען פאָרגעלייגט אויף דעם צוזאַמענפאָר שיקן פּעטליורען אַ באַגריסונגס-טעלעגראַם.

די טעלעגראַמע איז געווען צוזאַמענגעשטעלט גאַנץ קאַלט און אין איר האָבן די ראַטמענער פאָרגעלייגט פּעטליורען איינ-האַלטן זיין חייל און ניט דערלאָזן צו עקסצעסן.

---

*) Губерніальне Народне Зібрання

**) דאַן איז פאַרגעקומען דער צווייטער פּאָגראָם אין זשיטאָמיר

פאַר דערדאָזיקער טעלעגראַמע האָבן אויסער מיר און אַ ציוניסטישן ראַטמאַן ניט געשטימט אויך אַ 8—6 אוקראַינער.

פון דעם יידישן מיניסטעריום האָבן מיר די גאַנצע צייט ניט געהאַט קיינע ידיעות. מיר האָבן געהערט, אַז ה׳ רעוואוצקי, דער יידישער מיניסטער (פועלי־ציוניסט), איז נאָך דעם פראָסקוראָווער פּאָגראָם אַנטלאָפן און האָט איבערגעגעבן דאָס מיניסטעריום ה׳ קראַסני (פאָלקס־פּאַרטיי).

צוזאַמען מיט אַנדערע מיניסטעריומס זיינען אויך געקומען אין קאַמענעץ 3—2 קלענערע באַאַמטע, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז זיי שטעלן פאָר מיט זיך דאָס יידישע מיניסטעריום. —

— דער יידישער מיניסטער ה׳ קראַסני, איז אַוועקגעפאָרן אין אָדעס, און דאָ׳וואַרט מען אויף אים.

ווירקלעך, אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז געקומען קיין קאַ־מענעץ ה׳ קראַסני.

ביי אים איז געווען אַ דעלעגאַציע פון דער קאַמענעצער קהילה מיישב זיין זיך וועגען די פּאָגראָמען.

איך בין געווען ביי אים אין נאָמען פון דער „קולטור־ליגע" צו ריידן מיט אים וועגן די אַנשטאַלטן. ה׳ קראַסני איז אין דעם־זעלבן טאָג אַוועקגעפאָרן און מער האָבן מיר אים פון דאַמאָלסט אָן ניט געזען. די אוקראַינישע רעגירונג האָט געמוזט אָפּפאָרן אין ראָוונע.

דאָס יידישע מיניסטעריום האָט געמאַכט אויף אונז דעם ערגסטן איינדרוק. די „פועלי—ציון" זיינען געווען פאַרשעמט, די פאַראייניגטע" און „בונדיסטן" האָבן געשמייכלט.

איך דאַרף נאָך צוגעבן, אַז מיר האָבן געשיקט ספּעציעל אַ קריסטלעכן סטודענט*) קיין ווינניצע, בשעת דאָרט איז געווען דאָס יידישע מיניסטעריום, נאָר ער איז געקומען מיט גאָרניט.

די טעג און אפשר די שעהן פון דער „אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק" זיינען געווען געציילט. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג און דער בעסטער טייל פון די אוקראַינער וואַרטן מיט אומגעדולד, ווען וועט מען פון איר שוין פּטור ווערן.

---

*) אַ ייד האָט ניט געקענט פאָרן מחמת דער סכנה אויף די באַנען און וועגן.

# באלשעוויקעס אין פאראליע.

(פרילינג 1919).

דעם ערב־פסח פון יאָר 1919 האָט די יידישע באַפעלקערונג פון קאַמענעץ פאַרבראַכט זייער אומרואיק. יאַרמאָלינעץ*) איז שוין פאַרנומען געווען פון די באָלשעוויקעס. פון דעם נאָענטסטן שטעטל דונאַעווצי**) זיינען אין דעם טאָג ניט געקומען, ווי געוויינטלעך, די בעלי־עגלות, דער בעסטער סימן, אַז די נייע מאַכט איז נאָענט. עס האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמיטעט ביי דער שטאָט־פאַרוואַלטונג צו אָפהיטן די אָרדענונג אין שטאָט. נאָך אַסך ריי־בונגען זיינען אין קאָמיטעט אריין פאָרשטייער פון די רעכטע און לינקע פאַרטייען. דער נייער גובערניאַלער קאָמיסאַר, סיצינסקי, זייער אַ באַגרעניצטער מענטש, האָט געשטערט מיט אַלע מעגלעכקייטן דער אַרבעט פון קאָמיטעט. ער האָט נעבעך מורא געהאַט, אַז דער קאָמיטעט, אין וועלכן עס זיינען געווען צווישן 5 מיטגלידער 2 מעסיקע סאָציאַליסטן (איינער אַ אוקראַאינער און דער אַנדערער אַ יידישער) און די איבעריקע רעכטע, וועט פאַרכאַפּן די מאַכט און פאַרהאַלטן די עוואַקואַציע פון די אוקראַינער. צום גליק, איז אויף דער זייט פון קאָמיטעט געווען דער פאַרוואַלטער מיט דער שטאָט־מיליציע, מיכאַלאָפּאָוו, אַ רוסישער מענשעוויק, נאָכדעם אַ באָלשעוויק.

פאַרנאַכט איז די געוואָרן לאַגע ערנסטער. יידן האָבן זיך געגרייט צום סדר און אין דערזעלבער צייט פאַרבאַריקאַדירט די טירן און טויערן.

פון שטאָט־אופּראַווע האָט מען מיך געשיקט רופן. דאָרט האָבן זיך שוין געפונען אַלע מיטגלידער פון שטאָט־פאַרוואַלטונג. דאָרט איז געווען דער פאָרזיצער פון דומע מיראַנסקי, אַ רוסישער סאָצי־

*) אַ שטעטל 60 ווערסט פון קאַמענעץ.
**) 30 ווערסט פון קאַמענעץ.

אַליסט=רעוואָליוציאָנער, אַ ייד, דער שטאָט=גאָלאָוואַ, קילימניק, און
קראַינער סאָציאַל=דעמאָקראַט און אַ סך אַנדערע.

אין אופראַווע האָט זיך גערעשט. דער קאָמיסאַר, ה׳ סיצינסקי, האָט נאָך אַלץ געדרייט. עס זיינען געקומען פאָרשטייער פון פאַרשיידענע מיליטערישע טיילן צו רעגיסטרירן זיך אין שטאָט=אופּראַווע און האָבן געמאָלדן, אַז זיי פאַרלאָזן ניט די טעריטאָריע פון אוקראַינע און גיבן זיך אונטער די באָלשעוויקעס.

ווי פון דער ערד, האָבן זיך באַוויזן פאַרשיידענע טיפּן פאַרדעכטיקע און ניט פאַרדעכטיקע, יעדערער האָט געפּילדערט, געגעבן עצות און דערציילט וויכטיקע נייס.

פלוצלונג גיט מען איבער, אַז אין גאַס שלאָגט מען יידן עס ווערט אַ פּאַניק. נאָר צום גליק, ווייזט זיך אַרויס, אַז עס איז געווען נאָר טיילווייז ריכטיק. אייניקע יידן, וואָס זיינען געגאַנגען אין די שולן דאַוונען, האָבן באַקומען קלעפּ פון דעם אָפּטרעטנדיקן חייל. עס ווערט רואיקער. אין שטאָט=אופראַווע בלייבט אַ מיטגליד פון קאָמיטעט אויף אַ גאַנצע נאַכט. איך און ח׳ ב. גייען צו אַ באַקאַנטן כלל=טוער צום ערשטן סדר. אין שטאָט איז שטיל. קיין יידן טרעפט מען כמעט ניט, אַלע טירן און טויערן זיינען פאַרמאַכט. איבערן שטאָט גייט דורך רואיק אַ גאַליצישע מיליטערישע אָפּטיילונג. מיר קומען אַריין אין פאַרוואַלטונג פון שטאָט=מיליציע. מיר געפינען דאָרט זייער פיל מיליציאָנערן, באַוואָפנטע זעלנער, וועלכע האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אין קאַמענעץ און ניט אָפּטרעטן אין גאַליציע.

זייערע עלטסטע זאָגן, אַז עס וועט זיך איינגעבן אָפּהיטן די שטאָט פון אומאָרדענונג. עס ווערט אַ ביסל רואיקער אויף דער נשמה, מיר גייען צום סדר.

דאָרט האָבן מיר געטראָפן אַ גאַנץ היבשן עולם פון אָנגעזעענע קאַמענעצער כלל=טוער. די שטימונג איז אַ געדריקטע.

ווער ווייס, וואָס וועט זיין אין אַ שעה אַרום? וואָס וועט זיין מאָרגן?

4 אַזייגער ביינאַכט האָט מען אָנגעהייבן קלאַפּן אין די טירן. דער פאַרוואַלטער פון מיליציע, ה׳ מיכאַלאָפּאָוו, איז געקומען.

און איבערגעגעבן אונז, אַז דער העלד, ה' סיצינסקי, איז ביינאַכט אַנטלאָפן און האָט די גאַנצע באַפעלקערונג איבערגעלאָזן אויף הפקר. אין שטאָט איז ניטאָ ק יי ן ש ו ם מ אַ כ ט.

מיר טוען זיך גלייך אָן און גייען אין שטאָט=אופּראַווע. אויפן גאַס קלייבן זיך שוין רעדלעך יידן, יום=טובדיק געקליידט. די שטימונג איז אַ ערנסטע. אין שטאָט=אופּראַווע איז שוין געקומען דער פּאָרזיצער פון דער דומע*) ה' מיראָנסקי, דער שטאָט=גאָלאָוואַ, קילימניק און נאָך אַנדערע. עס ווערט גלייך צונויפגעשטעלט אַ נייער „קאָמיטעט צו היטן די אָרדענונג", אין וועלכן עס גייען אַריין נאָר סאָציאַליסטן, אוקראַינישע און יידישע. מען רעכנט, אַז די באָלשעוויקעס וועלן האָבן מער צוטרוי צו אַזאַ קאָמיטעט—איידער צו אַ אויסגעשפּראָכענעם רעכטן. מען לאָזט אָבער איבער יענעם אייך.

גלייך ווערט אָנגעמערקט אַ פּלאַן פון אַרבעט. מען באַשטימט אַרויסלאָזן אַן אויפרוף, אין וועלכן די שטאָט=פּאַרוואַלטונג זאָל מעלדן, אַז די גאַנצע מאַכט איז אַריבער צו איר*) ביז עס וועט ניט קומען קיין געזעצלעכע מאַכט, אַז קיינע עקסצעסן וועלן ניט דערלאָזן ווערן און אַז עס איז דאָ געגוג באַוואָפנטע קראַפט, כדי צו דערשטיקן יעדן אַרויסטריט פון פאַרברעכערישע עלעמענטן. און ווירקלעך, אין רשות פון דער שטאָט=אופּראַווע האָבן זיך געפונען ביז 200 מיליציאָנערן מיט 2 קוילנוואַרפער, עס האָט זיך געבילדעט אַ קאַמף=אָפּטיילונג, דאָס רוב פון געוועזענע יידישע סאָלדאַטן, אונטער דער אָנפירונג פון געוועזענע יידישע יונקערס. עס געפינען זיך אויך אין שטאָט ביז 500=600 מאַן רעגולערע מיליטער וועלכע האָבן זיך אונטערגעוואָרפן דער שטאָט=אופּראַווע.

מען רעגיסטרירט די געבליבענע מיליטער=טיילן, מען פאַרהיט די סקלאַדן פון סחורה און אַמוניציע.

פון טורמע הייבן אָן אָנצוקומען באַאומרואיקנדיקע ידיעות.

---

*) שטאָט-פאַרוואַלטונג.

*) אין א פּאָר שעה ארום איז אָנגעקומען אַ מעלדונג פון ה' סיצינסקען אַז ער גיט איבער די מאַכט דער שטאָט-פאַ-וואַלטונג.

מיר, ווי אַן אַדוואָקאַט, קומט אויס צו פאָרן אין טורמע. איך פאָר מיט דעם פּראָקוראָר און דעם פאַרוואַלטער פון טורמע אַרויסצו־לאָזן, לויט די אינסטרוקציעס פון „קאָמיטעט", די פּאָליטישע אַרעסטירטע. אונזער קומען בּאַרואיקט די אַרעסטאַנטן. מיר לאָזן אַרויס אַ מאַן 15, צווישן זיי 12 פּויערים, וועלכע מען האָט גע־האַלטן אומגעזעצלעך אין טורמע.

פלוצלונג בּאַווייזן זיך „היידאַמאַקעס". זיי טרעטן אָפּ קיין גאַליציע און האָבּן פאַרבּלאָנדזשעט לעבּן דער קאַמענעצער טורמע, וואָס געפינט זיך אַ וויאָרסט 2 פון שטאָט. אויפן האַרצן ווערט ניט פריילעך. אויבּ די „היידאַמאַקעס" וועלן זיך צופעליק דער־וויסן, אַז איך, אַ ייד, אַפילו צוזאַמען מיטן פּראָקוראָר, לאָז אַרויס פּאָליטישע אַרעסטירטע, שטייט מיר פאָר די געפאַר פון טויט.

עס וועט ניט העלפן קיינע רייד, אַז מיט 15 בּאַפרייטע פּאָ־ליטישע אַרעסטירטע ראַטעווען מיר די שטאָט, ווייל אין טורמע געפינען זיך בּיז 200 קרימינעלע פאַרבּרעכער.

איך קען זיך אַפילו בּאַהאַלטן אין טורמע, נאָר איך גלויבּ ניט דער אַדמיניסטראַציע פון דער טורמע.

איך בּלייבּ אויסערלעך רואיק. צום גליק, האָבּן זיך די „היידאַמאַקעס" געאיילט און ניט אָפּגעשטעלט זיך לעבּן דער טורמע.

אין אַ מינוט 20 אַרום דערהערט זיך אַ שיסעריי פון האַרמאַטן, קוילנוואַרפער און בּיקסן. דאָס קומט פאָר אַ שלאַכט צווישן די אָפּטרע־טנדיקע אוקראַינישע מיליטער־טיילן, היידאַמאַקעס און אַנדערע, און דעמיליטער, וועלכעס האָט בּאַשטימט צו פאַרבּלייבּן אין שטאָט.

נאָר בּיסלעכווייז ווערט רואיקער. מען גיט אונז פערד און איך מיט דעם פּראָקוראָר פאָרן אין שטאָט. עס איז שוין שטיל. אויף די גאַסן איז שוין אויסגעקלעפּט די מעלדונג פון שטאָט־פאַר־וואַלטונג. די בּאַפעלקערונג בּאַרואיקט זיך. איבּערן גאַס גייען אַרום פּאַטרולן פון געוועזענע סאָלדאַטן (יידישע און ניט־יידישע).

מיט דער גאַנצער אָרדענונג פירט אָן אַ פּאָליאַק, אַדוואָקאַט ווירזשיקאָווסקי. זיין מיטהעלפער איז אַ יידישער אָפיציר, שקאָלניק.

אויף דער נשמה ווערט זיכערער. הייסט דאָס, קאַמענעץ איז געראַטעוועט פון אַ שחיטה!

פאַרוואָס אָבער האָט דאָס אומגליק געטראָפן פּראָסקוראָוו? וואָס איז געווען די אורזאַך, וואָס קאַמענעץ, געפינענדיק זיך אין דיזעלבע באַדינגונגען וואָס פּראָסקוראָוו האָט זיך יאָ געראַטעוועט פון אַ פּאָגראָם?

אפשר האָט זיך אין קאַמענעץ צופעליק געפונען אַ סימפּאַטישע אוקראַינישע אינטעליגענץ, וועלכע האָט געזען צו פאַרהיטן די יידישע באַפעלקערונג?

אפשר איז אין קאַמענעץ די יידישע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ געווען מער ענערגיש?

אפשר האָט פּראָסקוראָווער שחיטה אַלעמען אָנגעשראָקן און דאָס האָט געווירקט?

אפשר? ? ? — — — —

*

אין שטאָט איז די שטימונג אַ געהויבענע. יידן, יומטובדיק אויסגעפּוצטע, גייען איבער די גאַסן מוטיק און זיכער.

די שטאָט ווערט צוטיילט אויף 28 ראַיאָנען, און יעדער ראַיאָן שטעלט אַרויס זיינע שומרים. אָט גייט אַ פּאַטרול — אַ גרופּע באַוואָפנטע יידישע יונגעלייט, אונטער דער פירונג פון אַ יידישן אָפיצער, און היטן די אָרדענונג. אין שטאָט איז פולקום רואיק. אפילו די צאָל געוויינלעכע גנבות פאַרקלענערט זיך.

מען ווייס אפילו ניט גענוי, ווער עס גייט און וואָס וועלן ברענגען מיט זיך די נייע הערשער, „די באָלשעוויקעס", אָבער איין זאַך איז גוט: געפּטרט מיט די „פּאָגראָמשטשיקעס".

מיטאַמאָל קומען אָן ידיעות, אַז אין אָרינין *) טוט זיך מעשים. די אָפּטרעטנדיקע אוקראַינישע מיליטערישע טיילן מאַכן דאָרט אַ חורבן. עס זיינען שוין פאַראַן געהרגעטע אויך. מ'וויל לויפן, טאָן, בעטן, עס איז אָבער ניטאָ צו וועמען — ס'איז ניטאָ

*) אַ שטעטל 15 ווערסט פון קאַמענעץ און 16 ווערסט פון דער געוועזענער עסטרייכישער גרענין. ליגט צווישן קאַמענעץ און דעסגרעניץ.

קיין מאַכט. די שטימונג איז אַן אויפגערודערטע. אַ סך ווילן פאָרן קיין אָרינין, נאָר עס בלייבט איך זאָל פאָרן.

איך, צוזאַמען מיט נאָך 4 מיליציאָנערן, פאָרן אויף אַ דראָזשקע, מיר קומען אָן אין שטעטל. דאָרטן איז שוין רואיק, עס זיינען דאָ 2 קרבנות, און ניט ווייט פון שטאָט געפינען זיך נאָך די „היידאַמאַקעס". מיר האָבן פאַרבראַכט אַ פאָר שעה און אָפגעפאָרן. עס האָט זיך איינגעגעבן דאָס שטעטל עטוואָס צו באַרואיקן. אָבער וואָס וועט זיין ווייטער?

אין אַ פאָר טעג אַרום זיינען אין קאַמענעץ אַריין קליינע אָפנעריסענע באָלשעוויסטישע מיליטער־טיילן און די גאַנצע שטאָט האָט זיי באַגעגנט מיט גרויס פאַראַד, דערהויפט די יידישע באַפעלקערונג. קליין און גרויס, אָרים און רייך, — אַלע זיינען געווען אויף דער גאַס. מ'איז צופרידן, ניטאָ ביי קיינעם קיין ספיקות.

— זאָלן די באָלשעוויקעס ביי אונז צונעמען אַלץ, וואָס מיר האָבן—אָבער אונזער לעבן וועלן זיי ניט צונעמען—האָט געטענהט די פאַרמעגלעכע באַפעלקערונג.

„אָבער וואָס וועט ווערן מיט דער יידישער באַפעלקערונג, אויב די גזלנים, די היידאַמאַקעס, וועלן זיך אַריינרייסן אין שטאָט אָדער אין שטעטל? זיי וועלן דאָך אַלץ צונעמען און נאָך הרגענען דערצו אַ סך אומשולדיקע יידישע נפשות?

אָט שטייען אין קאַמענעץ ביינאַכט אויף דעם גובערנאַטאָרס פּאַלאַץ באַוואָפנטע זעלנער—באָלשעוויקעס מיט קאַנאָנען און קוילנוואַרפער. איך גיי צו נעענטער און זע צווישן זיי דעם אַרינינער רב און נאָך יידן.

וואָס איז? פרעג איך, ווי קומט איר אַהער?—שלעכט—ענטפערן זיי, אין אָרינין זיינען ווייטער אַריין די „היידאַמאַקעס" און זיי טוען אָן נישים נוראים. דער איינציקער משיח—דאָס זיינען די באָלשעוויקעס.

אָט גייען צו מיר צו אין קאַמענעץ צוויי יידן, אַ רייכער סוחר א. ש—ער און אַ אינטעליגענט, אַ צעירי־ציוניק:—וואָס וועט זיין, מען זאָגט די היידאַמאַקעס גייען? זייערע פנימער זיינען פול מיט יאוש—די איינציקע האָפענונג פאַר דעם רייכן יידישן סוחר

איז, עס זאָל בלייבן „דער באָלשעוויק", כאָטש ער וויל אים אַרויס־וואַרפן פון זיין דירה. אָבער הרגענען וועט ער אים דאָך ניט?

דער קומענדיקער היסטאָריקער וועט געפינען פיל, פיל מאַטעריאַל, ווי אַזוי די יידישע באַפעלקערונג און די יידישע אַר־בעטער האָבן העלדיש געקעמפט מיט די פאַרשיידענע אוקראַינישע באַנדעס, וועלכע האָבן, פירנדיק אַ קאַמף מיט די באָלשעוויקעס, אויסגעשאָכטן די יידישע באַפעלקערונג. זייער אַ סך האָט מען גע־שריבן און מען שרייבט נאָך וועגן דעם, ווי אַזוי יידן ווערן געקוילעט אָבער זייער ווינציק אָדער כמעט גאָרניט איז געשריבן געוואָרן, ווי די יידן האָבן העלדיש געקעמפט, פאַרטיידיקנדיק זייערע עלטערן, ברי־דער און שוועסטער. יידן ווילן שוין מערניט שטאַרבן, ווי בהמות און לאָזן זיך שוין מער ניט פירן ווי שעפסן צו דער שחיטה, אַזוי ווי אין פראָסקוראָוו.

דער קומענדיקער היסטאָריקער וועט געפינען זייער אַ סך מאַטעריאַל, וועגן דעם יידישן זעלבסטשוץ. איך וועל זיך דאָ נאָר באַנוגענען מיט אייניקע געשיכטעס.

## אָרינין.

אַ קליין יידיש שטעטל, וואָס געפינט זיך צווישן קאַמענעץ און דער גרעניץ (זברוטש). די היידאַמאַקעס, פאַרטריבן פון די באָלשעוויקעס, האָבן זיך געפונען אויף יענער זייט זברוטש.

צוליב פּאָליטישע טעמים (אין גאַליציע איז דאַן פאָרגעקומען אַ מלחמה צווישן פוילן און גאַליצישע אוקראַינער) זיינען די באָל־שעוויקעס דעם זברוטש ניט אַריבער און איבערהויפּט האָבן זיי זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט געלייגט אויף דער גרעניץ פון פּאָדאָליע.

אַ לענגערע צייט האָבן אָפּגעהיט די גרעניץ די אָרטיקע פויערים צוזאַמען מיט די יידישע יונגעלייט פון אָרינין און קליינע טיילן פון דער רויטער אַרמיי.

איינמאָל, סוף חודש מאַי, אין אַ פרייטאָג צונאַכט, שיקט דער פאָרזיצער פון קאַמענעצער רעווקאָם, באַראַן, עקסטרע רופן דעם פאָרשטייער פון די יידישע סאָציאַליסטן („פאַראייניקטער בונד") ח׳ ב. און דערציילט אים אַזאַ מעשה:

אין אָרינין האָט זיך אַריינגעריסן אַ באַנדע „היידאַמאַקעס" און קוילעט אויס די יידישע באַפעלקערונג; דער קאָמענעצער רעוואָקאָם האָט ניט געהאַט קיין כוחות צו פאַרטרייבן זיי, און אויב די יידישע באַפעלקערונג וועט ניט מיטהעלפן צו פאַרטיידיקן זיך, קען אומקומען ניט נאָר אָרינין אַליין, עס שטייט אויך אין גרויס געפאַר די יידישע באַפעלקערונג פון קאָמענעץ".

לאַנג קלערן איז ניט געווען קיין צייט. אַ באַטאַליאָן פון יידישע אַרבעטער איז שוין אַוועק אויפן פראָנט, אָבער ס'איז געווען ווינציק, מ'האָט גאָרנישט געקענט אויפטאָן. מען מוז אָרגאַניזירן נייע מיליטער-טיילן. עס קלייבן זיך אויף מענטשן פון פאַרשיידענע פאַרטייען, געוועזענע סאָלדאַטן און אויך אַזעלכע, וועלכע זיינען קיין מאָל אין קיין שלאַכט ניט געווען און האָבן אַפילו קיין מאָל קיין ביקס אין האַנט ניט געהאַלטן. מען גייט אין אָרינין, קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ.

אַרויס איז מען פון קאָמענעץ ביינאַכט. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז רואיק געשלאָפן. עס זיינען געגאַנגען אַ 70-60 רויטע אַרמייער, אַ פּאָר אָפיצערן, 1 האַרמאַט און 60 יידישע קעמפער.

מען איז אָפּגעגאַנגען אַ וויאָרסט 8 (ביז אָרינין איז געבליבן ד וויאָרסט). מיטאַמאָל — אַ באַפעל צו לייגן זיך, און גלייך האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע שיסעריי פון האַרמאַטן און קוילנוואַרפער מצד די אוקראַינער.

די יידן, וועלכע זיינען שוין געווען אויף מלחמה, האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז, אייגנטלעך, ניט קיין פּאָגראָם-באַנדע, נאָר רעגולערע מיליטער-טיילן, וואָס האָבן בשעתן אַריינגיין אין אָרינין, בדרך הטבע, געמאַכט אַ פּאָגראָם.

ערשט שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רעווקאָם האָט טאַקע געוואוסט וועגן דעם, נאָר ער האָט דאָס פאַרשוויגן, ווייל ער איז ניט געווען זיכער, אַז די יידישע יונגעלייט וועלן אַרויסטרעטן אָפן קעגן אוקראַאינישע רעגולערע טיילן. איינער אַ פּועלי-ציוניסט, אַ קאָמוניסט, אַ מיטגליד פון רעווקאָם, האָט געוואָלט מגלה זיין דעם סוד, נאָר מען האָט אים שטרענג פאַרבאָטן.

דאָס אַלץ האָט מען זיך דערוואוסט שפּעטער. וואָס זאָל מען

אָבער איצטער טאָן? איצט איז שלעכט.

פּאַראויס שטייט אַ שטאַרקער שונא. און פון הינטן שטייען די באָלשעוויקעס מיט שווערדן און רעוואָלווערן און לאָזן קיינעם ניט גיין צוריק. און עס איז ווירקלעך געווען שוין שפּעט אָפּצוטרעטן. ביז קאַמענעץ איז אַ וויאָרסט 8, און דער גאַנצער עולם וועט סיי־ווי־סיי אויסגעהרגעט ווערן אויפן וועג.

און עס איז געשען אַ נס.

די גאַנצע שנאה צו די „רוצחים", די גאַנצע אויפרעגונג און די געפּאַר פאַר זיך און פאַר די נאָענטע האָבן אַרויסגערופן אַן אומגעוויינלאַכן ענטוזיאַזם. די יידישע פּרייוויליקע האָבן זיך געוואָרפן אויף דעם קעגנער, די היידאַמאַקעס, מיטשלעפּנדיק מיט זיך און אַריינציענדיק אין קאַמף די רויטע אַרמייער.

די היידאַמאַקעס האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם קאַמף, האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן און גענומען אַנטלויפן אָדער וואַרפן דאָס געווער, פאַלן אויף די קני און בעטן רחמים, מ'זאָל זיי שיינקען דעם לעבן.

מענטשן זיינען פּשוט אַרויס פון די כלים. אַזעלכע יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן אין זייער לעבן קיין פליג אויפן וואַנט ניט אָנגערירט, האָבן זיך איינגאַנצן פאַרגעסן וואו זיי זיינען אין דער וועלט און האָבן אָן רחמנות געממיתט די היידאַמאַקעס אויף רעכטס און אויף לינקס. איינער אַ יונגער היידאַמאַק האָט זיך געשטעלט אויף די קני און האָט זיך זייער געבעטן, מען זאָל אים לאָזן לעבן.

— וויפיל יידן האָסטו געהרגעט? —

— איינעם. —

אַ טויט־קלאַפּ איז געווען דער ענטפער. 60 פּרייוויליגע מיט אייניקע רויטע אַרמייער זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן 600 היידאַמאַקעס און זיי פאַרטריבן. 60 היידאַמאַקעס זיינען געפאַלן געהרגעטע, פון די יידן זיינען געפאַלן 2 (איינער אַ צעירי־ציוניק).

אין די באָלשעוויסטישע „קיעווער ידיעות" האָט מען געמאָלדן, אַז „דער אָנגריף אויף קאַמענעץ איז אָפּגעשלאָגן געוואָרן און אויף דעם שלאַכט־פעלד זיינען געבליבן 60 געהרגעטע".

די יידן האָבן באַוויזן די אוקראַינישע „אַטאַמאַנדלאַך", אַז צי נאָך אַזאַ פּראָסקוראָוו וועלן זיי ניט דערלאָזן.

נאָכן שלאַכט האָבן די רויטע אַרמייער ניט געוואָלט אָפּלאָזן די יידישע פרייוויליקע און געהאַלטן זיי פאַר מאָביליזירט. מיט גרויס מי האָט זיך די יידן איינגעגעבן צו באַפרייען זיך.

די יידישע באַפעלקערונג פון אָרינין איז אַזוי אַרום געראַטעוועט געוואָרן. זי איז בלויז „אָפּגעקומען" מיט 15 קרבנות. דאָס גאַנצע שטעטל פון קליין ביז גרויס איז אַוועק צופוס קיין קאַמענעץ.

דערווייל איז אין קאַמענעץ געוואָרן שטאַרק אומרואיק. עס זיינען אַוועקגעגאַנגען קיין אָרינין אַלס פרייוויליקע די אָנגעזעענסטע כלל-טוער און מען ווייס ניט, וואָס מיט זיי איז געוואָרן, מען האָט אויך ניט געוואוסט, וואָס עס וועט זיין מיט קאַמענעץ גופא, און זייער גרויס איז געווען די שמחה, אַז מ׳האָט דערזען אומקערנדיק זיך די קאַמענעצער העלדן. אַ וואַרימן קבלת-פנים האָבן אויך געהאַט די אַנטלאָפענע אָרינינער יידן.

ערשט נאָך דער שלאַכט, זיינען אויף אַ דראָזשקע געקומען קיין אָרינין די לידערס פון די יידישע קאָמוניסטן.

ווי אַ ליכטיקער זון-שטראַל צווישן שוואַרצע כמאַרעס האָט אַרויסגעשיינט די „אָרינינער געשיכטע" צווישן די שרעקלעכע פאָגראָם-עקסצעסן אין פּאָדאָליע.

## וויניצע.

ניט ווייט פון וויניצע געפינט זיך אַ קליין יידיש פּאָוויטאָווע שטעטל, ליטין. דאָס דאָזיקע שטעטל האָט שרעקלעך געליטן פון די פאַרשיידענע פאָגראָמם-באַנדעס, וואָס זייער פירער איז געווען דער באַנדיט שעפּעל.

די באָלשעוויקעס האָבן געהאַט אַ פשוטן מיטל קעגן די „פּאָווסטאַנצעס" (אינסורגענטן) פון דעמדאָזיקן ראַיאָן.

זיי פלעגן אַרויסשיקן קעגן די דערפער, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן די באַנדיטען, אָפּטיילונגען פון די טשרעזוויטשאַיקעס און יענע פלעגן באַשיסן די דערפער פון האַרמאַטן און זיך אומקערן דערנאָך צוריק אין שטאָט (וויניצע).

די פויערים האָבן אָבער די אָנפירער פון די „פּאָווסטאַנצעס" ניט אַרויסגעגעבן, און נאָך אַזעלכע אָנגעווענדטע מיטלען פלעגן זיי

נאָך מער אויפגערעגט ווערן קעגן דער ראַטן-מאַכט, אָדער, ווי די „פּאָווסטאַנצעס" האָבן שטענדיק געזאָגט:
„קעגן די קאָמוניסטן און די זשידעס".

אין מאי פון יאָר 1919 (בכלל איז דערדאָזיקער חודש מאַי אין צוזאַמענהאַנג מיט גריגאָריעווס אויפשטאַנד געווען זייער אַ אומגליקלעכער פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע) האָבן זיך אויפגעקליבן 3-2 טויזנט פּויערים פון די אַרומיקע דערפער און באַשלאָסן גיין אויף ווויניצע. *) אַ גרויסע טייל פּויערים זיינען געווען באַוואָפנט מיט העק, ווילעס, א. אַנד. כלי-זיין.

די לאַגע פון דער יידישע באַפעלקערונג אין ווויניצע איז געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל. די טיילן פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע האָבן זיך דאַמאָלסט געפונען אין ווויניצע, זיינען געווען געשטימט אַנטי-באָלשעוויסטיש, און זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן די „טשרעז-וויטשאַיקעס". ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן הייבט זיך גלייך אָן אַן אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען אין אַ גרויסער סכנה און די רויטע אַרמיי האָט זיך צו דעם באַ-צויגן גאַנץ פּאַסיוו. אַדרבא, מען האָט נאָך גערעכנט רעכענען, אַז אויב די פּויערים וועלן זיך אַריינרייסן אין ווויניצע, וועט צו די פּאָ-גראָמשטשיקעס צושטיין אויך די רויטע אַרמיי.

די יידן האָבן גענומען זוכן אַ באַהעלטעניש. אין שטאָט איז געוואָרן אַ שרעקלאַכע פּאַניק.

עס הייבן אָן אָנקומען ידיעות, אַז די „פּאָווסטאַנצעס" זיינען שוין אַ פּאָר וויאָרסט פון שטאָט.

נאָך „פּראָסקוראָווער געשיכטע" האָט געראַטעוועט. מען קען שוין מער ניט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז יונגע מענטשן זאָלן זיך באַהאַלטן אויף די בוידימער און אין די קעלערס און לאָזן זיך אויסקוילן, ווי שאָף.

עס בילדן זיך גלייך אָפּטיילונגען פון יידישע אַרבעטער און

*) ליטין האָבן זיי שוין דאַן געהאַט צעראַבירט. דעם 15-טן מאַי איז פאָרגעקומען דער ערשטער ליטינער פּאָגראָם. עס זיינען דאָרט געהרגעט געוואָרן ביז 110 יידן.

יידישע יונגע־לייט. פון אַ פאַנצער־צוג באַשיסט מען „די פּאָווסטאַנ־צעס" פון וואָקזאַל . אַ יידישער קאָמוניסט, הײדעלמאַן, פירט אָן מיט די טיילן, וואָס טרעטן אַרויס קעגן די פויערים־באַנדעס . די ניט־אָרגאַניזירטע פויערשע מאַסע, באַקומענדיק אַ געהעריקן ווידער־שטאַנד צעלויפט זיך אין גרויס פּאַניק . די יידישע באַפעלקערונג אין וויניצע איז געראַטעוועט !

אין דעמדאָזיקן שלאַכט איז געפאַלן דער העלד הײדעלמאַן, וועלכער איז געגאַנגען אין די ערשטע רייען .

## פּראָסקוראָוו .

דער פּראָסקוראָווער פּאָגראָם האָט געמאַכט אַ גאַנצע איבער־קערעניש אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דער פּראָסקוראָווער יידישער אַר־בעטערשאַפט .

אַ טייל איז געוואָרן פּאַסיוו, אינדיפערענט צום גאַנצן פּאָ־ליטישן לעבן . דער גרעסטער טייל אָבער איז צוגעשטאַנען צו די באָלשעוויקעס .

די באָלשעוויקעס האָבן פאַרשטאַנען, ווי אויסצונוצן די גע־שאַפענע סיטואַציע און האָבן גלייך, ווי זיי זיינען אַריינגעקומען אין פּראָסקוראָוו -- נאָך דעם פעברואַר־פּאָגראָם,—אָנגענומען ענער־גישע מיטלען, כדי אַריינצוציען אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי די יידישע אַרבעטער, וואָס פלעגן איבערהויפּט קעמפן העלדיש מיט די „פּעטליוראָווצעס" .

ווען די אוקראַינער האָבן געמאַכט זייער אָנגריף אויף פּאָ־דאָליע אין יוני 1919, האָבן זיך געבילדעט רעגימענטן פון יידישע און ניט־יידישע אַרבעטער .

די רויטע אַרמיי, וואָס איז דאַן געווען זייער דעמאָראַליזירט, איז באַלד אָפּגעטראָטן און אַ לאַנגע צייט האָבן פאַרטיידיקט די שטאָט פּראָסקוראָוו נאָר די אַרבעטער . די אוקראַינישע מיליטערי־שע קרייזן האָבן נאָכדעם אַליין אָנערקענט, אַז די יידישע אַר־בעטער האָבן זיך געשלאָגן העלדיש.

# כמעלניק.

אַ שטעטל מיט אַ 10 000 יידישע אײַנוואוינער, ליגט אין זייער אַ פאַרוואָרפן ווינקל. פאַר די באָלשעוויקעס האָט דאָס שטעטל פון סטראַטעגישן שטאַנדפונקט ניט פאָרגעשטעלט קיין אינטערעס, און דעריבער האָבן זיי אים ווייניק פאַרטיידיקט. דאָס שטעטל איז מחמת דעם געווען הפקר. און די „פּאָווסטאַנציעס" פלעגן אָפט באַפאַלן כמעלניק. דאַן האָבן די כמעלניקער יידן באַשלאָסן צו שאַפן אַ זעלבסטשוץ. עס האָבן זיך געבילדעט אין שטעטל 7 ראָטעס צו 100 מאַן. עס איז באַשאַפן געוואָרן אַ פּולקומע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע. די באָלשעוויקעס האָבן עטלאַכע מאָל געפּרובט צוצונעמען ביי די כמעלניקער יידן דאָס געווער, ווי זיי האָבן געוויינלאַך געטאָן מיט יעדן זעלבסט־שוץ; זיי האָבן אָבער באַקומען אַ ווידערשטאַנד און האָבן געלאָזן צורו די כמעלניקער יידן.

דער קאַמף מיט די „פּאָווסטאַנצעס" איז געווען אַ פאַרביטערטער.

די „פּאָווסטאַנצעס" זיינען פיל מאָל אָנגעפאַלן אויף כמעלניק און יעדן מאָל האָט מען זיי פאַרטריבן.

איין ייד האָט זיך געפונען, וואָס איז ניט געווען טריי דער יידישער באַפעלקערונג האָט מען אים אַרעסטירט און פאַרמשפּט צום טויט.

די „פּאָווסטאַנצעס" האָבן דאַן געפונען אַן אַנדער מיטל זיי פלעגן באַפאַלן די באַנען, ווען זיי גייען אַרויס פון כמעלניק, ערגעץ אָן אַ זייט, אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל, אַרויסנעמען פון זיי די כמעלניקער יידן, אַ טייל הרגענען און אַ טייל לאָזן צוריק אין כמעלניק, כדי צו ווירקן אויף די איבעריקע כמעלניקער יידן, אַז זיי זאָלן זיך אונטערגעבן

כמעלניק איז געוואָרן ווי אַ באַלאַגערטע פעסטונג. אַלס פאָרשטייער פון רויטן־קרייץ האָב איך געדאַרפט באַזוכן כמעלניק – און דאָס האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן.

נאָכדעם ווי די כמעלניקר יידן האָבן זיך אין אַווגוסט־סעפּטעמבער 1919 דערוואוסט, אַז עס גייט אַ רעגולערע גאַליצישע אַרמיי, וועלכע מאַכט ניט קיין פּאָגראָמען, האָבן זיי געשיקט פּאָר שטייער אין קאַמענעץ־פּאָד. ערקלערן, אַז זיי האָבן ניט געקעמפט קעגן דער „אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק", נאָר קעגן די פּאָגראָם־באַנדעס.

אַדאַנק די אָנגענומענע מיטלען, זיינען אין כמעלניק אַריינגעקומען די גאַליצישע מיליטער־טיילן אָן עקסצעסן.

דאָס שטעטל איז געראַטעוועט געוואָרן פון די פּאָגראָם־באַנדעס

ס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז נאָכדעם האָבן זיך ראַדע איינגעשטעלט אין כמעלניק גוטע באַציאונגען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג און די פויערים.

איך וואָלט געקענט ברענגען נאָך פאַלן, וואו די יידן האָבן זיך העלדיש פאַרטיידיקט, נאָר די פיר געבראַכטע געשיכטעס, זועגן וועלכע עס איז פאַראַן אַ גאַנץ היבשער פאַקטישער מאַטעריאַל, באַווייזן קלאָר, אַז אונטער דעם דראַנג פון געשעענישן האָבן זיך די יידן אַ ק ט י וו געשטעלט קעגן די רוצחים, וואָס האָבן געראַבעוועט און געשאָכטן די יידישע באַפעלקערונג.

די באָלשעוויקעס האָבן אויף אַ גלענצענדן אויפן אויסגענוצט די פּאָגראָמען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן מצד די אוקראַינער.

אויף אַ מיטינג אין קאַמענעץ, גלייך ווי די באָלשעוויקעס זיינען אַריינגעקומען, האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט ניט בלויז אַלס קעמפער פאַר דער סאָציאַלער באַפרייאונג, נאָר אויך אַלס פאַרטיידיקער און באַפרייער פון יידישן פאָלק. איינער אַ רעדנער האָט געמאָלדן, אַז ביי זיי איז פאַראַן אַ געהיימער באַפעל פון פּעטליורען, אין וועלכן ער האָט געהייסן אָרגאַניזירן דעם פּראָסקוראָווער און פעלשטינער פּאָגראָם.

און די יידישע באַפעלקערונג האָט געגלויבט, ווארום ווי קען דאָס אַנדערש זיין, אַז עס זאָלן פאָרקומען אַזעלכע שחיטות, און קיינער זאָל ניט באַשטראָפט ווערן!

אין אַלגעמיין האָבן זיך די באָלשעוויקעס אין דעמדאָזיקן פּעריאָד טאָלעראַנט באַצויגן צו דער יידישער באַפעלקערונג. זיי

האָבן זייער פּאָרזיכטיק דורכגעפירט זייערע עקספּערימענטן אויפן עקאָנאָמישן געביט בנוגע דעם סוחרישן קלאַס.

גאַנץ קאָרעקט האָבן זיך אויך באַצויגן אין יענעם פּעריאָד די באָלשעוויקעס צו די יידישע סאָציאַליסטן, אָננעמענדיק אַלע מיטלען, כּדי צוצוציען זיי צו דער אַרבעט. און די יידישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיך דאַן באַצויגן מיט גרויס סימפּאַטיע צו די באָלשעוויקעס, נאָך די אַלע איבערלעבונגען, האָבן באַשלאָסן, ווען אַפילו ניט פאַרנעמען קיין פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, אָבער מיט אַלע כּוחות אונטערצוהאַלטן די ראַטן-מאַכט.

דער קאָמענעצער רעווקאָם איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט געהאַט געוויסע אינסטרוקציעס פון צענטער, ער זאָל ניט אָנערקענען קיין שום נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, האָט דאָך אָנערקענט דעם „יידישן סאָציאַליסטישן ראַט”.

די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס זיינען געווען געשטימט אַוטאָנאָמיסטיש, האָבן זיך ניט געקענט באַרואיקן, ביז ס'וועט ניט געשאַפן ווערן אַ אַווטאָנאָמער אָרגאַן, וועלכער זאָל, שטיצנדיק זיך אויף די יידישע אַרבעטענדיקע מאַסן, אַרבעטן פאַר דער יידישער קולטור.

דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן צו בילדן אַ צייטווייליקן „יידישן סאָציאַליסטישן ראַט”. אין דעמדאָזיקן „ראַט” זיינען געווען פאַרטראָטן: „בונד”, „פאַראייניקטע”, „פּועלי-ציון”, „קאָמוניסטישער בונד”, „קאָמוניסטישע פאַראייניקטע” און „קאָמוניסטישע פּועלי-ציון”.

דער „יידישער סאָציאַליסטישער ראַט” האָט איבערגענומען אַלע שולן פון דער קהילה; די העברעאישע שולן פאַרוואַנדלט אין יידישע.

דער „ראַט” האָט אויך באַשטימט דעם גורל פון קאָמענעצער קהילה.

דער „יידישער סאָציאַליכטישער ראַט” האָט געפונען, אַז נאָכדעם ווי די קולטורעלע אַרבעט איז אַריבערגעגאַנגען אין זיין קאָמפּעטענץ און די איבעריקע פונקציעס (הילף, מעטריקאַציע) און אַנדערע ראַטן-אַנשטאַלטן, איז די עקסיסטענץ פון דער קהילה איבעריק.

וועגן דעם האָט דער „ראַט” געמאָלדן דער יידישער באַפעלקערונג.

אויפן גרונד פון דערדאָזיקער מעלדונג האָט דער „רעווקאָם” פונאַנדערגעלאָזט די קהילה.

דער „יידישער סאָציאַליסטישער ראַט” איז אָנערקענט געוואָרן, אַחוץ דעם רעווקאָם, אויך פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

אַ אינטערעסאַנטן מעמאָראַנדום האָבן די ציוניסטן צוגעשטעלט אין „רעווקאָם”.

זיי האָבן געשריבן אין זייער מעמאָראַנדום, אַז זיי אָנערקענען די פרינציפן פון דער באָלשעוויסטישער אַרבעט־שול, און זיי מאַכן אויפמערקזאַם דעם רעווקאָם, אַז די הויפט־ראָל אין „יידישן סאָציאַליסטישן ראַט” שפּילן די יידישע סאָציאַליסטן, וועלכע ווילן נאָר אויסנוצן די ראַטן־מאַכט, כּדי דורכצופירן זייער פּאַרטיי־פּראָגראַם וועגן דעם „דייטשן זשאַרגאָן”*).

אַ גרויסן אָנטייל אין שאַפן דעם „יידישן סאָציאַליסטישן ראַט” האָט גענומען אין קאַמענעץ די נייע געשאַפענע אָרגאַניזאַציע „פּאַראייניקטער בונד”, וועלכע איז אַנטשטאַנען אין קאַמענעץ און האָט זיך נאָכדעם פאַרשפּרייט איבער גאַנץ פּאָדאָליע.

שוין פון אַ לענגערער צייט האָט זיך געשאַפן אַ אָפּאָזיציע אין דער פּראָווינץ קעגן די „צענטראַל־קאָמיטעטן”, וואָס זיצנדיק אין קיעוו, האָבן זיי געפירט זייער פּאָליטיק אָפּגעריסן פון דער פּראָווינץ. איבערהויפּט האָט זיך דאָס געפילט אין קאַמענעץ, וועלכע ליגט זייער ווייט פון קיעוו.

דאַמאָלסט האָט זיך אויך שטאַרק דיסקוטירט אין צענטער די פראַגע וועגן פאַראייניקן די 2 פּאַרטייען: „בונד” און „פאַראייניקטע יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי” (ס.ס און י.ס.)

די הויפּט־מאָמענטן, וואָס האָבן אָפּגעטיילט די צוויי פּאַרטייען, האָבן אַלץ מער און מער פאַרלאָרן זייער שאַרפקייט.

---

*) די מאַטעריאַלן וועגן דעם „יידישן סאָציאַליסטישן ראַט” זיינען ביז פעברואַר 1921 געווען אין אָרדענונג. וועגן דעם ווייטערדיקן גורל זייערן זיינען ניטאָ קיינע ידיעות.

די רוס־ישע רעוואָלוציע האָט אַזוי פּאַרטיפּט און פּאַרקאָמ־פּליצירט די אַלע פּרינציפּיעלע פּראַגעס, אַזביידע ריכטונגען האָבן זיך געדאַרפט רעווידירן.

עס איז געווען איבעריק צו ריידן וועגן דער קאָמפּעטענץ פון די קהילות, וואו די מערהייט האָבן אין זייער אַ סך ערטער געהאַט די רעכטע און די לינקע האָבן ניט געקענט, סיי־ווי ווירקן אויף דער אַרבעט.

די יידישע סאָציאַליסטן האָבן מיטגעהאָלפן אין ליקווידירן די יידישע קהילות.

די יידישע סאָציאַליסטן, אַפילו די, וועלכע זיינען ניט געווען קאָמוניסטיש געשטימט, האָבן זיך אין אַ געוויסער מאָס געפונען אונ־טער דעם איינפלוס פון דער אידעע פון „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט".

זייערע אַווטאָנאָמיסטישע פּראָגראַמען האָבן זיי געטרוימט דורכפירן דורך יידישע אַרבעטער־ראַטן. צו אַזאַ מין שטעלונג האָט אויך געווירקט די רעכטע מאַיאָריטעטן אין די קהילות, וועלכע האָבן פּאַקטיש געהאַט די מאַכט אין דעם גרעסטן טייל דעמאָ־קראַטישע קהילות.

אַזוי זיינען די פּרינציפּיעלע טעמים, וואָס האָבן אָפּגעטיילט ביידע פּאַרטייען, אַלץ שוואַכער געוואָרן. די געשעענישן, איבער־הויפּט די „פּאָגראָם־כוואַליע", די אָפּטע איבערגאַנגען פון די מאַכטן, האָבן איבערגעריסן די פּאַרבינדונגען פון דער פּראָווינץ מיט קיעוו.

אויסערדעם האָט קיעוו געלעבט ביי אַנדערע פּאָליטישע אומשטענדן, און די שטימונגען פון קיעוו זיינען זייער אָפט ניט צוגעפּאַסט געווען צו די שטימונגען פון דער פּראָווינץ.

די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס פון „בונד" און „פּאַראייניקטע" האָבן געמוזט פירן אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטיק. און אַזוי ווי אין די ערנסטע מאָמענטן האָט זיך זייער שטאַרק געפילט, ווי ווייט שעדלעך עס איז די צעברעקלטקייט פון די סאָציאַליסטישע כחות— איז אַנטשטאַנען דער פּאַרלאַנג פון פּאַראייניקונג. אויף אַזאַ אופן האָט זיך געבילדעט דער „פּאַראייניקטער בונד"— אַ פּריער אין קאַמענעץ און נאָכדעם אין גאַנץ פּאָדאָליע.

די פאראייניקטע אָרגאַניזאַציעס: „בונד" און „פאַראייניקטע" האָבן געטראָגן דעם נאָמען „פאַראייניקטער בונד".

דעם „פאַראייניקטן בונד" אַלס זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע (פּאַרטיי) איז נאָכדעם אויסגעקומען צו שפּילן זייער אַ וויכטיקע ראָל.

* * *

אַזוי האָט די יידישע באַפעלקערונג געלעבט מער אָדער ווייניקער רואיק פון פרילינג (אַפּריל) 1919 ביז דעם אָנגריף פון דעם אוקראַינישן חייל, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין יוני.

מען איז געווען זיכער אין היינטיקן טאָג, אָבער וואָס וועט זיין מאָרגן האָט מען ניט געוואוסט.

מען האָט מורא געהאַט פאַר די אוקראַינער, וואָס מאַכן אַזעלכע שרעקלעכע פּאָגראָמען, אָבער מען האָט אויך ניט געגלויבט אין די באָלשעוויקעס...

## דער אנגריף פון פעטליורעס חייל אויף פאָדאָליע.

(זומער 1919)

אין אָנהייב מאַי בין איך אַרויסגעפאָרן אַלס דעלעגאַט אויף אַ קאָנפערענץ פון דער „קולטור-ליגע" אין קיעוו.

צוזאַמען מיט נאָך אייניקע חברים בין איך געפאָרן אין צענטער, פון וועלכן מיר זיינען געווען אָפּגעריסן 8 חדשים, פול מיט האָפענונג, אַז דאָרטן, אין קיעוו, וועלן מיר באַקומען תשובות אויף אַ סך ספיקות, וואָס זיינען ביי אונז אַנטשטאַנען צוזאַמען מיט די קאָשמאַרע איבערלעבונגען אין דער לעצטע צייט.

אויפן וועג קיין קיעוו האָבן מיר זיך דערוואוסט וועגן דעם באַרימטן אויפשטאַנד פון גריגאָריעוון קעגן דער ראַטן-

מאַכט.*) אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען אין קיעוו אָנגעקומען באַאומרואיקנדיקע ידיעות וועגן אויפשטאַנד אין פּאָדאָליע.

אין קיעוו גופא איז די שטימונג ביי די יידישע סאָציאַלי־סטישע קרייזן געווען זייער אַ געדריקטע. זייער לאַגע איז בכלל געווען אַ שווערע מחמת דעם אומצוטרוי צו זיי מצד די יידישע קאָמוניסטן. די דאָזיקע שטימונג האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אויף דעם צוזאַמענפאָר פון „קולטור־ליגע".

ה' ראַפעס **) און נאָך אים ה' לעוויטאַן ***) זיינען געקומען באַ־גריסן די קאָנפערענץ און זיינען אַרויסגעטראָטן אַזוי שאַרף און זאַגאַר גראָב, אַז דער פּרעזידיום האָט געפונען פאַר נייטיק אָפּ־צושטעלן זיי אינמיטן דער באַגריסונג.

מיך האָט אויך פאַראינטערעסירט די קאָנפערענץ פון „קאָ־מוניסטישן בונד", וועלכע איז פאָרגעקומען צו יענער צייט, און איך האָב זי באַזוכט.

---

*) גריגאָריעוו — אַ געוועזענער אוקראַינער אַטאַמאַן — איז אַריבער־געגאַנגען צו די באָלשעוויקעס. אין מאַי 1919 האָט ער אָרגאַניזירט אַ אויפ־שטאַנד קעגן דער ראַטן־מאַכט. אין דעם ראַיאָן פון גריגאָריעווס אויפשטאַנד זיינען פאָרגעקומען זייער שרעקלעכע פּאָגראָמען:

אין קיעווער גוב: אָליוועץ, באָהוסלאַוו, בעלאָזאָר טשערקאַסי (געהרגעט 1,000 יידן), סמעלאַ (80 קרבנות), ראַכ־מיסטראָווקע (געהרגעט 30 יידן), שפּאָלעוו (20 קרבנות).

פּאָלטאַווער גוב.: וועסיאָלי פּאָדאָל, זאָלאָטאָנאָ־שי (געהרגעט 20 יידן) קאָבעליאַק, קרעמענטשוק־קריקאָוו (50 קרבנות); אויסערדעם — אין דערזעלבער צייט. יעליזאַוועטגראַד (? 3000 קרבנות) ראַדאָמיסל (1000 קרבנות). די אַלע ידיעות זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון בוך: „די יידישע אווטאָנאָמיע און דער נאַציאָ־נאַלער סעקרעטאַריאַט אין אוקראַינע, קיעוו 1920".

**) ראַפעס — אַ לידער פון אוקראַינישן „בונד", שפּעטער פון „קאָמו־ניסטישן בונד" און „קאָמפאַרבאַנד" און נאָכדעם „יידישע סעקצ." — „יעווסעק־ציע" ביי דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

***) לעוויטאַן - געוועזענער „פאַראייניקטער", שפּעטער אַמיטגליד פון „קאָמ־פאַרבאַנד", נאָכדעם אַ מיטגליד פון „יעווסעקציע" ביי דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי

אויף דערדאָזיקער קאָנפערענץ איז באַהאַנדעלט געוואָרן די פראַגע וועגן פאַראייניקן זיך מיט די לינקע „פאַראייניקטע". אין נאָמען פון די לינקע „פאַראייניקטע" האָט לעוויטאַן געמאָלדן, אַז זיי זיינען גרייט זיך צו פאַראייניקן מיט דעם „קאָמוניסטישן בונד" און אָפּזאָגן זיך פון זייערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די נייע פאַרטיי זאָל הייסן: „קאָמפאַרבאַנד".

און אין דערזועלבער צייט האָבן די פאָגראָם־כוואַליעס געפּליישט אין אַלע קאַנטן פון אוקראַינע. גאַנץ אוקראַינע טרינקט זיך אין יידיש בלוט. פאָגראָמען אָן אַ ברעג און אָן אַ שיעור. פון אַלע זייטן קומען יידן און דערציילן שרעקלעכע מעשות וועגן דעם, ווי עס גיסט זיך יידיש בלוט — און דער איינציקער אַנשטאַלט — דער צענטראַל־קאָמיטעט צו העלפן די יידן, וואָס האָבן געליטן פון פאָגראָמען, — ליקווידירט זיך... דער „קאָמוניסטישער בונד" האָט צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום אין די הויכע באָלשעוויסטישע ספערן, אַז פון דעם הילף־קאָמיטעט זיינען אַרויס די יידישע סאָציאַליסטן און אין אים זיינען פאַרבליבן בלויז רעכטע יידישע פאַרטייען.

די מאַכט האָט דאַן באַשלאָסן צו ליקווידירן דעם קאָמיטעט*).

קיעוו האָט אונז פּולקום אַנטטוישט. די ליקווידאַציע פון די אַלטע יידישע אַרבעטער־פאַרטייען, די פאַרלאָרנקייט און מאַכטלאָזיקייט פון די געבליבענע לידערס פון די יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, און אין דערזועלבער צייט די שרעקלעכע פאָגראָם־טראַגעדיע — האָט אינגאַנצן דערדריקט.

מיר באַקומען באַומרואיקנדיקע ידיעות וועגן קאַמענעץ־פאָדאָלסק און מיר איילן זיך פאָרן צוריק אַהיים.

אויפן האַרצן איז שווער. מיט מאַטערניש באַקומען מיר אַן אָרט אין וואַגאָן. אויף דער ווינניצער סטאַנציע רייסן זיך אַריין צו אונז סאָלדאַטן מיט פאַרשיידענע אַנטיסעמיטישע אויסרופן, נאָר צו עקסצעסן איז עס ניט דערגאַנגען.

---

*) זע „די יידישע אויטאָנאָמיע און דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט אין אוקראַינע. קיעוו 1921, זייט 292.

מיר קומען צו צום פּראָסקורזאָווער וואָקזאַל. דאָרט איז אומרואיק. ניט ווייט פון גרעניץ האָבן זיך באַוויזן „הײדאַמאַקעס“.

איך באַגעגן קאַמענעצער סטודענטן און זיי דערציילן, אַז אין קאַמענעץ איז אויך ניט רואיק...

איך קום קיין קאַמענעץ. די שטימונג איז זייער אַ ערנסטע אין אָרינין, זאָגט מען, זיינען ווייטער אַריין „הײדאַמאַקעס“. אין „רעווקאָם“ איז מען צוטראָגן. מען פילט שוין, אַז די מאַכט פאַלט דער „רויטער אַרמייער“ וואָס שטייט ביים טיר פון רעווקאָם, לאָזט אַלעמען אַריין אינעווייניק. די זיצונג פון „רעוואָלוציאָנערן־ראַט“ איז איבערגעריסן—מען זאָגט, אַז די „הײדאַמאַקעס“ שטייען 8 ווי‏אָרסט פון קאַמענעץ.

אַרום פילט זיך אַ אַנטיסעמיטישע שטימונג. די באָלשעווי־סטישע מיליטער־טיילן, געוועזענע „אוקראַינישע“, זיינען דעמאָראַ־ליזירט. צווישן זיי ווערט געפירט מצד די געוועזענע אוקראַינישע אָפּיצערן אַ אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע. ניט ווייט פון קאַמענעץ, אין אַ דאָרף, האָבן 2 אוקראַינישע לערער פאַרשפּרייט צווישן די פּוי־ערים פּראָקלאַמאַציעס און גערופן זיי צו אַן אויפשטאַנד קעגן די „קאָמוניסטן און די זשידעס“. די לערערס און אויך אייניקע אָפּיצערן־פּראָוואָקאַטאָרן זיינען דערשאָסן געוואָרן.

דידאָזיקע געשעענישן האָבן אויפגערעגט די באָל־שעוויקעס, און זיי האָבן גענומען אָנווענדן רעפּרעסיווע מיטלען קעגן די אוקראַינישע טוער. דאָס אַלץ האָט באַשאַפן זייער אַן אָנגעשטרענגטע אַנטיסעמיטישע אַטמאָספער. די יידישע באַפעל־קערונג האָט זיך פולקום פאַרלאָרן. די שטימונג ביי זיי איז געוואָרן זייער אַ געדריקטע. אַלע האָבן געוואַרט אויף אַ פּאָגראָם.

איך גיי אין „אַרבעטער־קלוב“. דאָרט שפּאַצירן פיל אַרבעטער באַוואָפנטע מיט ביקסן. אַן אימהדיקע שטילקייט הערשט אין שטאָט. די „הויז־קאָמיטעטן“, די „שטאָט־שמירה“ היטן גלענצנד אָפּ די אָרדענונג. די יידישע באַפעלקערונג שלאָפט נאָך היינטיקע נאַכט, אָבער וואָס וועט זיין מאָרגן?

אינדערפרי האָט אַ שרעקלעכע שיסעריי פון האַרמאַטן אויפ־

געוועקט די גאַנצע באַפעלקערונג. צו מיר אין טיר קלאַפּט שוין דער סטודענט ס. אַ ביסל לינק, אַביסל באַלעבאַטיש געשטימט —איז ער שטענדיק אָפּאָזיציאָנעל קעגן יעדער מאַכט און זאָגט שטענדיק אָן, ווען אַ מאַכט גוססט.

איך טו זיך אָן, נעם אַ קליין פּעקעלע און באַשליס פאַרלאָזן קאַמענעץ, אויב די באָלשעוויקעס וועלן אָפּטרעטן. דעמזעלבן באַשלוס „אָפּריכטן גלות" נעמט אָן אַ גאַנצע גרופּע יידישע סאָציאַליסטן.

די שטאָט איז צערודערט. יידן גייען אַרום נערוועז איבער די גאַסן. ס'דערהערט זיך פּלוצלונג אַ שיסעריי פון קוילנוואַרפער— די שלאַכט קומט שוין פאַר לעבן שטאָט...

מיר גייען אַריין אין „רעווקאָם" און דערוויסן זיך, אַז די לאַגע איז קאַטאַסטראָפאַל: נאָך היינט ביטאָג קומען די „היידאַמאַקעס" אין קאַמענעץ. מיר פאַרלאָזן קאַמענעץ, ניט באַוויזנדיק צו זעגענען זיך מיט די נאָענטע און פריינד; מיר גייען בלויז אַריין אין שטאָט באַרוואַלטונג און זעגענען זיך מיט אונזער אַ חבר, שטאָט-גאָלאָוואַ קילימניק. מיר דערציילן אים, אַז מיר גייען צופוס פון קאַמענעץ און בעטן אים, ער זאָל אָננעמען אַלע מיטלען, וואָס ער האָט אין זיין רשות, צו ראַטעווען די יידישע באַפעלקערונג. ער דריקט אונז שטאַרק די האַנט און אויף זיינע אויגן באַווייזן זיך טרערן

אַרויסגייענדיק, באַגעגענען מיר אַ אָנגעזעענעם באָלשעוויק— ס.—און זאָגן אים, אַז מיר האָבן בדעה גיין צופוס פון קאַמענעץ; מיר האָבן געמיינט, אַז ער וועט אונז פאָרלייגן עוואַקוירן זיך צוזאַמען מיט זיי אין צוג.

— נו, גייט —האָט ער אונז קורץ געענטפערט. קיין אָרט אין באַן האָט ער אונז ניט פאָרגעלייגט. משמעות, פאַר אים זיינען מיר ניט קיין „באָלשעוויקעס" און ס'איז רעכט, מיר זאָלן זיך ניט עוואַקוירן אויך. פאַר די „היידאַמאַקעס" אָבער זיינען מיר „באָלשעוויקעס"—און זיי ווילן דאָך אונז אויסקוילן. און מיר זיינען אַוועק.

ווי מען האָט נאָכדעם איבערגעגעבן, האָט מען אונז זייער שטאַרק געזוכט די ערשטע טעג, און גראָד שטאַרק האָט מען געזוכט מיך, אַ רעכטן סאָציאַליסט!

מיר גייען אַרויס פון קאַמענעץ. אַ סך פון אונז לאָזן איבער עלטערן, ברידער, שוועסטער . . .

מיר גייען צופוס און די האַרמאַטן־שיסעריי ווערט אַלץ שטאַרקער. דאָס דועלירן די באָלשעוויסטישע האַרמאַטן מיט די אוקראַינישע.

מיר גייען קיין קיטאַי־גאָראָד. *) דער גאַנצער וועג איז פאַרפלייצט מיט מחנות יידן, יונגעלייט, אַרבעטער, סוחרים, אינטעליגענטן, רייכע— אָרימע, אַלע גייען. עס גייען גאַנצע פאַמיליעס, מיט ווייבער, מיט קליינע קינדער, אַ 72־יאָריקע יידענע גייט אויך מיט אונז. אַ קליינע טייל פאָרט, די איבעריקע גייען צופוס.

מען גייט, ניט ווייסנדיק אַפילו וואוהין.

פאַר דער אָנגעשראָקענער, דענערווירטער יידישער באַפעלקערונג איז געווען גענוג דאָס וואָרט „היידאַמאַק", אַז מען זאָל זיך אויפהייבן און לויפן . . .

מען שטעלט זיך ניט פאָר, וואָס וועט זיין אין דער נאָענטסטער צוקונפט, אַפילו מאָרגן. אַ סך לויפן, פּשוט, ווי זיי שטייען און גייען, אָן אַ קאָפּיקע אין קעשענע, איבערלאָזנדיק אין דערהיים דאָס גאַנצע פאַרמעגן. אַלע האָבן נאָר איין זאַך אין זינען— אַנטלויפן און ראַטעווען דערווייל דאָס לעבן.

ווען דער אָנגריף פון די „אוקראַינער" וואָלט ניט געקומען אַזוי אומגעריכט, וואָלט, מעגלעך, די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אויפגעהויבן זיך און פאַרלאָזט קאַמענעץ.

אָט גייט אַ רייכער יידישער בעקער מיט אַ פרוי און קליינע קינדער, ער שלעפט אויף זיך זעקלעך, אָנגעפּאַקטע מיט גוטביקע זאַכן. עס איז הייס און אים איז שווער די זאַכן צו טראָגן. ניט לאַנג האָט ער באַצאָלט קאָנטריבוציע די באָלשעוויקעס, פאַרשטייט זיך, אַז ער איז זיי ניט קיין גרויסער פריינד, האָט ער דאָך געמעגט בלייבן— טאָ וואָס זשע לויפט ער אויך מיט די באָלשעוויקעס?

---

*) אַ קליין יידיש שטעטל, 14 ווערסט פון קאַמענעץ, ליגט צווישן גרויסע בערג.

נאָר ער האָט נאָך מערער מורא פאַר די „הייד.מאַקעס".

ער איז אונזערער אַ אַלטער באַקאַנטער, און ער ווענדט-זיך צו אונז ביין:

—זעט, וואָס איר האָט אויפגעטאָן!

אָט איז שוין קיטאַי-גאָראָד. דעם טאָג איז געווען אין קיטאַי-גאָראָד אַ מאַרק. די פויערים האָבן זיך צונויפגעקליבן און זיך צו-געקוקט, ווי עס לויפן דורכאויס יידן, און האָבן געגומען מורמלען. עס האָבן זיך שוין דערהערט פיינדלעכע כוליגאַנישע אויסרופן. אַ פחד איז אָנגעפאַלן אויף דעם שטעטל.

מיר גייען אַריין אין אַ יידישער שטוב, אַן אכסניה, און זייסן זיך דערלאַנגען אַ סאַמאָוואַר מיט טיי. ערשט עס קומט אַריין דערשראָקענער דער באַלעבאָס און בעט אונז אַרויסגיין וואָסגיכער פון זיין שטוב. אין שטעטל, זאָגט ער, גייען אַרום באַנדעס פויערים און זוכן קאַמענעצער יונגעלייט.

די פויערים, דערשפירנדיק, אַז עס איז שוין ניטאָ קיין ראָטן-מאַכט אין דעם געגנט, האָבן, אונטער דער ווירקונג פון אַנטיסעמיטישע און פאַרברעכערישע עלעמענטן, געוואָלט נעמען זיך צו די יידן, הרגענען און ראַבירן. די פאָגראָם-שרעק, וואָס עס האָבן געבראַכט מיט זיך די קאַמענעצער יידן, האָט זיך איבער-געגעבן אויף דער קיטאַי-גאָראָדער יידישער באַפעלקערונג.

נאָכדעם האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז די קיטאַי-גאָראָ-דער יידן האָבן זיך געהאַט פאַרוואָס צו שרעקן *).

מיר פאַרלאָזן דעם גאַסטהויז און קלייבן אַריבער צו אַ באַ-קאַנטער פאַמיליע. תחילת נעמט מען אונז אויף זייער פריינדלעך, נאָר אין אַ ווײַלע אַרום לויפט אַריין די ווירטין און הייבט אונז אָן צו בעטן מיר זאָלן רחמנות האָבן אויף זיי און פאַרלאָזן איר שטוב, מחמת מען איז איר געקומען זאָגן, אַז די פויערים זוכן קאַמענעצער יידן און זי האָט מורא פאַר איר פאַמיליע.

זעענדיק, אַז מיט אונזער אָנוועזנהייט דענערווירן מיר שטאַרק די ווירטין פון הויז און שפירנדיק בכלל, אַז אין קיטאַי-גאָראָד איז

*) זע דעם פאָגראָם אין קיטאַי-גאָראָד.

זייער אַ אָנגעשטרענגטע שטימונג, באַשליסן מיר פאַרלאָזן דאָס שטעטל, ביס־קוקנדיק, וואָס אונז איז געשטאַנען אַ געפאַר מצד די פויערים, וועלכע זיינען זיך צעגאַנגען אין אַלע וועגן נאָך דעם מאַרק און האָבן נאָך אונז געקענט אָנגעגענען.

מיר האָבן אָנגעהויבן דרייען זיך איבער גערטענער, קריכן איבער פלייטן, ביז וואַנען מיר זיינען אַרויס פון שטעטל. דאַן זיינען מיר נאָך אַריבערגעקראָכן די הויכע בערג, וואָס רינגלען אַרום דאָס שטעטל, און פאַמעלעך זיך צוגעשלאָגן צו אַ וועג.

אָבער דאָ שטעלט זיך אַ פראַגע: וואו גייט מען ווייטער? איינעם פון אונזער חברה האָבן מיר אין טומל פאַרלאָרן, וואָס איז מיט אים, ווייסן מיר ניט; נאָר צו אונזער קאָמפּאַניע זיינען צוגעשטאַנען נייע היימלאָזע: 2 גימנאַזיסטן און סתם יידן.

מיר טרעפן אַ פויער און פרעגן אים, וואו איז דער וועג אין דעם נאָענטסטן שטעטל.

—יאָ, יאָ „כלאָפצעס"—באַקומען מיר אַן ענטפער—וואָס האָט איר דאָ אָנגעטאָן? עס וועט זיין מיט אייך שלעכט. מען וואַרט שוין אויף אייך—און ווייזט דערביי אויף אַ וועג. מיר. באַשליסן ניט צו גיין מיטן אָנגעוויזענעם וועג, נאָר מיט אַן אַנדערן.

מיר לאָזן זיך גיין האַסטיק, פלינק. מיר זיינען אינמיטן פעלד, קיין יידישע הייזער זיינען שוין ניטאָ. מיר רעכענען אויס, אַז פאַר אונז איז וויכטיק פאַרבייגן די דערפער פריער, איידער די פויערים וועלן זיך אומקערן פון מאַרק, פון קיטאַי־גאָראָד יעדער זאַך וואָס מיר טרעפן אָן, שרעקט אונז, מיר זיינען שרעקלעך נערוועז. אָט שטייט אַ פויער און באַהאַלט זיך פון אונז — מיר זיינען איבערצייגט, אַז ער שפירט אונז אויס, און מיר לאָזן זיך גייען גיכער. אָט, זעען מיר, ווי אַ שייגעצל כאַפּט זיך אַרויף ווייטנדיק אויף אַ פערד. מיר מיינען שוין, אַז ער פאָרט עס אָנזאָגן אין דאָרף וועגן אונז. פון דערווייטענס דערזעען מיר געשטאַלטן, וואָס באַהאַלטן זיך פאַר אונז—און דאָס האַרץ פאַלט אונז שיר ניט אַרויס פאַר שרעק. נאָר צום סוף ווייזט זיך אַרויס אַז דאָס זיינען אייך אַנטלאָפענע יידן פון קאַמענעץ — און מיר לויפן שוין צוזאַמען.

לויפנדיק, טרעפן מיר אַ באַקאַנטן יידן. ער לייגט אונז פאָר אַ פור, אָבער אַזוי ווי ניט אַלע קענען פאָרן, און צעשיידן זיך מיט דער קאָמפּאַניע ווילט זיך אויך קיינעם ניט, בלייבט, אַז מיר מאַרשירן אַלע צופוס ווייטער.

פונדערווייטנס דערזעען מיר די פּאַפּיר-פאַבריק „סאָווי-יאַר“. דאָ באַשליסן מיר אָפּרוען. שוין אָפּגעגאַנגען 30 וויאָרסט אָן אָפּרו און אָן עסן. אַז מיר גייען אָבער צו דער פאַבריק, דער-פילן מיר באַלד אַ פיינדלעכע באַציאונג צו אונז פון די דאָרטיקע אַרבעטער און מיר לאָזן זיך גיין ווייטער.

מיר גייען זאָפּ נאָך אַ פּאָר וויאָרסט און מיר זעען, ווי לעבן אַ קרעטשמע שטייען „רויטע אַרמייער“ מיט אַ באַקאַנטן קאָמאַנדיר. עס בלייבט ביי אונז, מיר זאָלן זיך מיט זיי אויפריידן און גיין צו-זאַמען. נאָר די „רויטע אַרמייער“ פירן מיט זיך פאַרשיידענע הפצים און האָבן אַליין מורא פאַר די פויערים, און בעטן דעם עולם זיך „אָפּרוקן“. מיר גייען ווייטער אַליין.

דער עולם איז אַזוי אָנגעשראָקן, מען ערלויבט זיך ניט אָפּרוען כאָטש אַ 10 מינוט. איך האָב 4 נעכט נאָכאַנאַנד ניט געשלאָפן, דעם גאַנצן טאָג גאָרניט געגעסן, איך פיל, ווי איך פאַל פון די פיס, און בעט זיך ביי דעם עולם, מען זאָל אָפּרוען וויפל ניט איז, נאָר מען הערט מיך ניט. איין פאַרלאַנג איז נאָר דאָ — וואָס ווייטער אַוועקגיין פון קיטאַי-גאָראָד.

אין די דערפער קוקט מען אויף אונז קרום. „וואָס פאַר אַ שיסעריי הערט מען דאָרט? און וואָס טוט זיך אין קאַמענעץ?“ — פרעגן די פויערים — „די וזמענער זיינען דאָרט באַפּאַלן“.

נור אין איין דאָרף האָט אונז אַ פויער געגעבן וואַסער און אַפילו אַ ביסל קאַרטאָפל.

מיר קליגן זיך ווי נאָר מעגלעך אויסצומיידן די דערפער — מיר זיינען ניט זיכער מיט די פויערים.

- ווען דערזעט מען שוין עפּעס אַ יידישן ישוב, אַ פשוטן יידן?

— שרייט דער געוועזענער מענשעוויק ב.,—איצט אַ יידישער סאָ-ציאַליסט. וואוהין מיר גייען, ווייסן מיר אַליין ניט. נאָך אונזער רעכנונג נאָך און לויט די אינפאָרמאַציעס פון די פאַרביי־גייענדיקע אַהין

פויערים ליגט ניט ווייט פון אונז, — 10 וויאָרסט. — אַ יידיש שטעטל — זשוואַנטשיק; בלויז נאָך 10 וויאָרסט און מיר זיינען געראַטעוועט!

מיר גייען, ניט מיר גייען, נאָר די נערוון טראָגן אונז. אָבער קיין כוחות איז שוין ביי אונז מער ניטאָ! עס ווערט פינסטערלעך. קיין שטעטל זעט זיך נאָך אַלץ ניט. פאַרשיידענע מחשבות קריכן אין קאָפ. אונז דוכט זיך, אַז דאָס שטעטל אַנטלויפט פון אונז. מיר וועלן שוין מער קיינמאָל ניט דערלעבן צו זען אַ יידיש שטעטל...

נאָר אָט באַווייזט זיך זשוואַנטשיק.

מיר רוען זיך אַ ביסל אָפּ פאַרן אַריינגיין אין שטעטל. נאָר די שטימונג איז דאָ אויך ניט קיין רואיקע: די פויערים דערציילן, אַז ניט ווייט פון דאַנען אין אַ דאָרף געפינען זיך אינסורגענטן. עס ווערט סומנע אויפן האַרצן. נאָר ווייטער קענען מיר שוין ניט גיין — ניטאָ מער קיין כוחות. מיר באַשליסן איבערצונעכטיקן די נאַכט און נאָכדעם וועלן מיר זען, וואָס צו טאָן.

מיר גייען אַריין אין שטעטל. ס'איז יום־טוב אינאָווענט, שבועות. יידן גייען אין שול יום־טובדיק אָנגעטאָן. מיר קומען אַריין אין אַ יידישן גאַסטהויז. די ווירטין איז ניט שטאַרק צופרידן מיט אונז.

— איך האָב — זאָגט זי — קיין זאַך ניט, אַפילו די וואַסער האָבן די מיליציאָנערן היינט אויסגעטרונקען. אַז מיר ווייזן איר אַ מטבע, ווערט זי ווייכער. זי דערלאַנגט אַ סאַמאָוואַר, אייער, ברייט און אַפילו חלה. דער עולם עסט אָפּ און צעלייגט זיך גלייך אין די בעטן. קיין פיס פילן מיר שוין מער ניט, נאָר שטיקלעך האָלץ אָנשטאָט זיי. מיר דערוויסן זיך, אַז דער פאַרפאַלענער הבר געפינט זיך דאָ, אין זשוואַנטשיק: אים האָט זיך אין טומל איינגעגעבן אַרויפכאַפּן זיך אויף אַ יידישער פור און קומען אַהער.

אויף מאָרגן גיי איך זוכן אַ פור, כדי מיר זאָלן גלייך נאָך יום־טוב באַגינען קענען פאָרן ווייטער.

איך כאַפּ אַ יידן אַ בעל־עגלה און הייב מיט אים אָן צו שמועסן וועגן אַ פור, ווייל ער גאָר מיר ניט ענטפערן. ס'איז

יום=טוב, ענטפערט ער מיר מיט גדלות, און יום=טוב וויל ער וועגן פורן ניט ריידן.

נאָר אַז איך ערקלער אים, אַז איך בין אַ שליח פון קאָמיטעט צו העלפן די פּאָגראָמירטע יידן און הייב אים אָן זאָגן דערביי אַ ביסל מוסר, ווערט ער בעסער.

ער זאָגט צו, אַז מאָרגן גאַנץ פרי וועט ער צושטעלן אַ פור.

און ווירקלעך, אויף מאָרגן באַגינען האָט ער אונז באַזאָרגט מיט אַ פור

מיר לאָזן זיך פאָרן קיין אַלט=אושיצע*).

מיר קומען אַריין אין שטעטל, איך שיק רופן די אָרטיקע כלל=טוער, אַלטע באַקאַנטע, נאָך פון דער געמיינזאַמער אַרבעט אין „יעקאָפּאָ".

זיי קומען, נאָר קיין גרויס צופרידנהייט מיט אונזער באַגעגעניש זע איך ניט אויף זייערע פנימער; פאַקערט, זיי וואָלטן געוועזן צופרידענער, ווען די „היימלאָזע" וואָלטן אויסמיידן אַלט=אושיצע. דער רומענער, זאָגן זיי, וועט דערזען, אַז דאָ קלייבט זיך אָן עולם, וועט זיין שלעכט: ער קען נאָך פון יענער זייט דניעסטער באַשיסן דאָס שטעטל **).

פונדעסטוועגן האָט מען באַזאָרגט דעם עולם מיט קוואַרטיר און עסן. דערווייל קומען אָן נייע אַנטלאָפענע, אַלע באַקאַנטע, אַלע קאַמענעצער—זיי טוליען זיך צו אונזער גרופּע.

וואָס עס טוט זיך דערווייל אין קאַמענעץ, ווייס קיינער ניט, ס'בלייבט ביי אונז, מיר זאָלן פון דאַנען פאָרן אין דער פּאָוויאַטאָווער שטאָט און דאָרט זיך דערוויסן נייס.

מיר קומען קיין ניי=אושיצע און די שטימונג אונזערע פאַלט נאָך מער ביי אונז. דער קאַמענעצער „רעווקאָם" האָט זיך שוין

---

*) דאָס דאָזיקע שטעטל ליגט אויף דעם דניעסטער (איצטיקע רומענישע גרעניץ), 50 וויאָרסט פון קאַמענעץ.

**) נאָך אונזער אָפּפאָרן, אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָבן די רומענער טאַקע באַשאָסן דאָס שטעטל.

עוואַקואירט אַזש קיין זשעמערינקע *). מיר דערוויסן זיך אַגב, אַז איינ־קע אָפּגעריסענע מיליטער־טיילן פון דער רויטער אַרמיי האָבן, אָפּטרעטנדיק, געראַבעוועט די יידישע באַפעלקערונג (דונאַיעווצי, מינקאָווצי). אויפן האַרצן ווערט נאָך מער קאַלעמוטנע.

מיר לאָזן זיך ווייטער—קיין קיעוו.

אין דערדאָזיקער צייט איז קאַמענעץ־פּאָדאָלסק מיט דעם אומגעגנט אויסגעקומען זייער פיל שרעקלעכס איבערצולעבן. אין דעמזעלבן טאָג, וואָס מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען פון קאַמענעץ, דעם 3 יוני, ערב־שבועות, האָבן אוקראַינישע מיליטערישע טייל, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל אודאָוויטשענקאָ פאַרנומען קאַמענעץ.

מקבל־פּנים זיין דעם מיליטער זיינען אַרויסגעפאָרן איניקע דעלעגאַציעס, אין וועלכע עס האָבן אָנטיילגענומען: דער שטאָט־גאָלאָוואַ, אוקראַינער סאָציאַל־דעמאָקראַט קילימניק, בידנעוו, פּראָפעסאָר פון קאַמענעצער אוניווערסיטעט, קליידערמאַן, פאָרזיצער פון קהלה (אַ קאַמענעצער אַחדותניק, מיראַנסקי, פאָרזיצנער פון דומע; און נאָך איניקע.

די פּאָגראָם־שטימונג צווישן דעם מיליטער איז געווען אַ שרעקלעכע. דערזעענדיק ה' קליידערמאַנען, אַ אַלטן יידן מיט אַ גרויסער גרויער באָרד, האָבן זיך די קאָזאַקן גלייך געוואָלט וואַרפן אויף אים און נאָר מיט גרויס מי האָט זיך אַיינגעגעבן אָפּצוהאַלטן זיי דערפון.

די דעלעגאַציע האָט שטאַרק געבעטן די אָנפירער פון מיליטער, זיי, זאָלן זעען פאַרהיטן קאַמענעץ פון אַ פּאָגראָם, אָבער דער איינדרוק נאָך די געשפּרעכן איז געווען זייער אַ שווערער.

אין שטאָט האָט געהערשט אַ־טויטע שטילקייט. די יידישע באַפעלקערונג איז געלעגן אין די קעלערס און אויף די בוידעמער. וועגן בילדן אַ זעלבסטשוץ און פירן אַ קאַמף מיט רעגולערע מיליטער־טיילן האָט גאָר קיין שום רייד ניט געקענט זיין. קיין ייד האָט זיך ניט באַוויזן אויף דער ווייסער וועלט. איניקע יונגעלייט

*) זשעמערינקע, אַ באַוואוסטע סטאַנציע צווישן קיעוו און אָדעס, 130 ווערסט פון קאַטינעין.

האָבן זיך איינגעשטעלט און אַרויס אויף דער גאַס, האָט זיי די ערשטע אויסשפּירונגס־אָפּטיילונג פאַרהאַלטן און געטריבן זיי פאָראויס פאַר די פערד ביזן שטאַב, ווייט אויסן שטאָט. דעם גרעסטן טייל פון זיי האָט מען געהרגעט, בלויז איינציקע האָבן זיך געראַטעוועט, נאָכדעם ווי זיי האָבן איבערגעלעבט זייער אַ סך פיזישע און מאָ־ראַלישע יסורים.

דאָס איז געווען אַ סיגנאַל צו דעם פּאָגראָם, וואָס האָט געדויערט 3 טעג און אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט דאָס מיליטער און די אָרטיקע באַפעלקערונג.

דער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען אָן קיין שום שטערונגען מצד דער מיליטערישער מאַכט, וואָס אין איר רשות האָט זיך געפונען די שטאָט. מען האָט געטויט בלויז מאַנסביל, קינדער און פרויען האָט מען ניט געטשעפּעט, אַזוי ווי די פּאָגראָמשטשיקעס וואָלטן גע־האַט וועגן דעם געוויסע אינסטרוקציעס.

עס זיינען געהרגעט געוואָרן יידן פון פאַרשיידענע אָנשוי־אונגען און קלאַסן. די גאַנצע שטאָט איז פּרעקלעך צעראַבירט גע־וואָרן. עס זיינען געווען פאַלן, ווען מען האָט אַפילו אַרויסגעפירט די מעבל פון הויז. גאַנץ אָפט פלעגן די קריסטלעכע דינסטן, וועל־כע זיינען צוליב וואָטערע ט׳איז סיבה ניט געווען צופרידן מיט זיי־ערע באַלעבאַטים, מסרן זיי, אַז זיי זיינען באָלשעוויקעס.

די מאָרדן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ווילדקייט און אַכזריותדיקייט.

איינציקע אוקראַינער, ווי למשל דער שטאָט־גאָלאָוואַ קילימניק, פּראָפעסאָר בידנעוו און נאָך איינציקע, האָבן ענערגיש פּאַרטיידיקט די יידישע באַפעלקערונג און האָבן ניט ווייניק יידן געראַטעוועט.

דער אויבנדערמאָנטער קילימניק האָט געמאָלדן דער אוק־ראַינישער מאַכט, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין פּאָסטן, ווייל עס איז אים אַ חרפּה זיך אָנצורופן גאָלאָוואַ פון אַזאַ אוקאַינישער שטאָט, וואו עס קומען פאָר אַזעלכע ווילדע מעשים, וואו מען הרגעט אויפן מיטן גאַס אומשולדיקע מענטשן. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן.

דער פּאָגראָם האָט זיך אָפּגעשטעלט ערשט נאָכדעם, ווי דער ווילדער המון האָט זיך אָנגעבושעוועט 3 טעג. די פּאָגראָם־

אַטמאָספער האָט נאָך אָבער געהערשט אַ לאַנגע צייט נאָכדעם. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכער טעראָר. די קאַמענעצער, וואָס זיינען אַנטלאָפן אין די אַרומיקע שטעטלעך, דערהערנדיק, אַז דער פּאָגראָם האָט זיך געענדיקט, האָבן זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אומקערן. אָבער כוליגאַנעס פלעגן זיי טרעפן אויף די וועגן אָדער ביים אַריינגאַנג אין שטעטל און פלעגן זיי אַכזריותדיק דערהרגענען אָדער צוקאַלעטשען. אַזוי זיינען פאַר די עלטרן אין די אויגן דערהרגעט געוואָרן 2 יונגע ברידער, סטודענטן, מאַכנאָווסקי. בסך־הכל זיינען געהרגעט געוואָרן אין קאַמענעץ און אויף די וועגן 52 יידן*).

ענדלעך איז געקומען אין קאַמענעץ די אוקראַינישע רעגירונג און אין שטאָט איז געוואָרן עטוואָס רואיקער. נאָר צו דער אַר־בעט האָט איצט זיך גענומען די „קאָנטער־ראַזוועדקע" (פּאָליטישע געהיים־פּאָליציי). פריער פאַר אַלעמען האָט מען געזוכט, געוויינט־לעך, „קאָמוניסטן", פאַר וועלכע מען האָט פאַררעכנט אויך די אַלע, וואָס זיי זיינען אַנטלאָפן מיט די באָלשעוויקעס, מוירא האָבנדיק פאַר דעם טעראָר, וואָס זיי וועט אויסקומען אויסצושטיין. איבערהויפּט האָט מען געזוכט די יונגעלייט, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער „אָרינינער שלאַכט".

די „קאָנטער־ראַזוועדקע" האָט געוואָלט אינסצענירן פון דער „מעשה־אָרינין" אַ סענסאַציאָנעלן פּאָליטישן פּראָצעס, וואו עס זאָל קלאָר באַוויזן ווערן, אַז יידן פירן מלחמה מיט די אוקראַאינער.

כדי צוצוגעבן דעם פּראָצעס אַ ספּעציפישן „קאָלאָריט", האָבן זיי פאַרהאַלטן אַ יידישן יונגנמאַן אַלעקסאַנדר כאָמסקי, אַ זון פון אַ בורזשואַזער האַלב־אַסימילירטער יידישער פאַמיליע.

כאָמסקי האָט קיין שום שייכות ניט געהאַט צו פּאָליטישע פּאַרטייען בכלל — און קיין אָרינין איז ער געגאַנגען, ווי צענדליקער אַנדערע יידישע יונגעלייט, צו ראַטעווען די אָרינינער יידן פון אַ שחיטה.

*) עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטימונגען צווישן די יידן אין אוקראַינע, צו קאַמענעץ האָט זיך גערעכנט פאַר דער גליקלעכסטער שטאָט, וועלכע האָט ווייניק געליטן.

די רעאַקציאָנערע אוקראַינישע מיליטערישע קרייזן האָבן געוואָלט מיט „כאָמסקעס פּראָצעס״ דערווייזן, אַז אַפילו די יידישע בורזשואַזיע קרייזן גייען מיט די באָלשעוויקעס און פירן אַ עפענט־לעכען קאַמף מיט די אוקראַינער, און דאָס וואָלט פאַרשטייט זיך געקענט געבן ניט ווינציק מאַטעריאַל פאַר דער אַנטיסעמיטישער פּאָגראָם־אַגיטאַציע.

„כאָמסקעס פּראָצעס האָט צוגעצויגן די גרעסטע אויפמערק־זאַמקייט פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן; זיי האָבן אין דעם פּראָצעס דערשפּירט אַ גרויס געפאַר.

אַלע באַמיאונגען פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן און פון יידישן מיניסטעריום, ניט צו דערלאָזן צו אַ עפענטלעכן פּראָצעס, האָבן זיך באַגעגנט מיט אַ אַקטיוון ווידערשטאַנד מצד די מיליטערישע קרייזן.

דער פּראָצעס האָט זיך געפירט זייער טענדענציעז און די גאַנצע באַווייזן האָבן זיך געשטיצט אויף עדות פון אַ אַגענט פון דער „קאָנטר־ראַזוועדקע״.

כאָמסקען האָט מען באַשולדיקט אַלס „קאָמוניסט״, וואָס האָט געאַרבעט לטובת דער ראַטן־מאַכט קעגן די אינטערעסן פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק.

זייער אָנגעזעענע אוקראַינישע טוער זיינען געקומען און עדות געזאָגט לטובת כאָמסקען, עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. דאָס געריכט האָט אים פאַרמשפּט צום טויט.

אַ דאַנק די אָנגענומענע ערנערגישע מיטלען מצד דאָס יידישע מיניסטעריום, האָט זיך איינגעגעבן אָפּצושטעלן דאָס אויספירן די טויט־שטראָף.

אַ סך צרותהאָבן די קאָמענעצער געהאַט. אָבער סוף־כל־סוף האָט זיך נאָכן אַריינקומען פון דער ציווילער מאַכט, איינגעשטעלט אַ שטיקל אָרדענונג. די פּראָווינץ, אָבער, איז איבערגעגעבן געווען געוואָרן אינגאַנצן אין די הענט פון „אַטאַמאַנדעלעך״. אַ שרעקלעכע פּאָגראָם לויטן גוסת פּראָסקוראָוו איז פאָרגעקומען אין קיטאַי־גאָראָד *)

*) וועגן קיטאַי־גאָראָד האָבן מיר פריער שוין געשריבן. דאָס איז אַ קליין יידיש שטעטל 4 וויאָרסט פון קאַמענעץ.

אָנגעהויבן האָט זיך עס דערפֿון, וואָס אין שטעטל איז אַריינגעקומען אַ מיליטערישע טייל מיט אַ קאָמענדאַנט, און האָט אין אַ משך פֿון עטלעכע טעג שרעקלעך טעראָריזירט די יידישע באַפעלקערונג. ער האָט אַרויפגעלייגט אומאויספירבאַרע פאַר אַ קליין שטעטעלע קאָנטריבוציע, פונאַנדערגעקלעפט פאָגראָם-אויפרופן — און געענדיקט האָט זיך עס מיט אַ יידישער שחיטה. אין איין נאַכט זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן 78 פרויען און מענער*). דערביי האָבן זיי אָנגעטאָן שרעקלעכע אַכזוריותדיקע מעשים.

פאָגראָמען אין קלענערע מאַסשטאַבן זיינען פאָרגעקומען אין דעמדאָזיקן פעריאָד נאָך אין אַ סך שטעטלעך פון קאַמענעצער ראַיאָן.

מען דאַרף באַמערקן, אַז די רומענער האָבן געראַטעוועט איינִיקע יידישע שטעטלעך, וואָס ליגן ביים דניעסטער: סטודעניצי (די קיטאַי-גאָראָדער רוצחים האָבן דאָרטן געוואָלט איבערחזרן דעם פאָגראָם), אַלט-אושיצע, קאַליוס.

די רומענער האָבן, לויט די בקשות פון דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, געפאָדערט פון די פאָגראָמטשיקעס, זיי זאָלן גליין אָפריינִיקן דידאָזיקע שטעטלעך.

## די אוקראַינישע באַוועגונג און די יידישע פאָגראָמען

(זומער 1919)

אַ גאַנץ זומער, פון 1919 יאָר אָן בין איך אַרומגעפאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע, אַלס באַפולמעכטיקטער פון „רוסישן רויטן קרייץ", צו העלפן די פאָגראָמירטע יידן.

אומעטום איז געווען אומרואיק, אומעטום זיינען אויפן סדר-היום געשטאַנען די פאָלגנדיקע פראַגן: אָנגריף פון די אוקראַינער, עוואַקואַציע פון דער ראַטן-מאַכט און... יידישע פאָגראָמען.

---

**) די קיטאַי-גאָראָדער יתומים געפינען זיך איצט אין יתומים-הוין פון „אָזע" ביי דער „קולטור-ליגע" אין קאַמענעץ-פאָדאָלסק.

וועגן די פּאָגראָמען אויף אוקראַינע און זייערע סיבות איז שוין דאַמאָלסט זייער פיל געשריבן און גערעדט געוואָרן אין פאַרשיידענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קרייזן.

איך וויל דאָ ניט באַטראַכטן די פראַגע אין איר גאַנצער ברייט און טיף, אין וועלכער מ'דאַרף זי באַטראַכטן, איך וויל דאָ נאָר אָנמערקן איניקע מאָמענטן און אויף זיי זיך גענויער אָפּשטעלן.

די אָנגעשטרענגטע באַציאונגען אין רוסלאַנד צווישן שטאָט און דאָרף, וואָס האָבן זיך אין משך פון דער מלחמה נאָך מער פאַרשפּיצט, און דער עיקר נאָך דער רעוואָלוציע פון יאָר 1917, האָבן אָנגענומען אין אוקראַינע זייער אַ שאַרפן כאַראַקטער. דאָרט האָט זיך נאָך די לאַגע שטאַרק פאַרערגערט מחמת דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט.

אין די אוקראַינישע שטעט באַשטייט די מערהייט פון דער באַפעלקערונג פון יידן, רוסן, געוועזענע טשינאָווניקעס, און אַ קליינער פּראָצענט אוקראַינער און פּאָליאַקן.

פּאָדאָליע, וועלכע פאַרנעמט כמעט אַזאַ שטח ווי שווייצאַריע, פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג פון 5 מיליאָן מענטשן. די יידן בילדן דאָ ביז 12% פון דער אַלגעמיינער צאָל איינוואוינער. צווישן דער שטאָטישער באַפעלקערונג בילדן די יידן 60%—50.

דאָס אוקראַינישע פינסטערע, אומבאַוואוסטזינקע פּויערטום האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין לאַנגיאָריקן שלאָף.

בראש פון דער פּויערשער באַוועגונג האָט זיך געשטעלט די שאָוויניסטישע קליינבירגערלעכע אוקראַינישע אינטעליגענץ. זי איז געוואָרן די אידעאָלאָגישע פירערין פון די אוקראַינישע פּויערים, די קעמפערין פאַר זייער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייאונג.

די אוקראַינישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך בלויז געשטיצט אויף פּויערים, ניט האָבנדיק אויף איר זייט די שטעט, האָט ניט געקענט שאַפן קיין פּאָזיטיווע מלוכה=מאַכט.

אָט וואָס עס שרייבט וועגן דעם דער געוועזענער אוקראַינישער פּרעמיער=מינסטער, דער אוקראַינישער סאָציאַל=דעמאָקראַט מאַזעפּאַ.

„אין אוקראַינע, ביי אַ מערהייט פון דער דאָרפישער פוי־ערשער באַפעלקערונג, זיינען, לויט דער ציילונג פון יאָר 1897, געווען ביז 22% רוסן און יידן, וואָס האָבן אָנגענומען אויס־דריקלעך נעגאַטיווע שטעלונג צו דער אוקראַינער אידעע״ *).

ווייטער:

„עס איז אַנשטאַנען אַ געפאַר פאַר דער רעוואָלוציע אין אוקראַינע: פון איין זייט, האָט די ניט־אוקראַינישע שטאָט ניט גע־קענט דערפירן די רעוואָלוציע אויף אוקראַינע צו אַ נצחון אָן דער הילף פון דעם דאָרף; פון דער אַנדער זייט—האָט דאָס אוק־ראַינישע דאָרף אָן דער אָנפירנדיקער ראָל פון דער ניט־אוק־ראַינישער שטאָט נאָך מערער ניט געקענט פאַרווירקלעכן די אויפ־גאַבן פון דער רעוואָלוציע״ **).

און ווייטער.

„די אַלע קולטורעלע צענטערס, אַלע שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע האָבן זיך געפונען אין די הענט פון די רוסן או יידן. דער בעסטער באַווייז זיינען געווען די וואַלן אין די שטאָט־פאַר וואַלטונג, וואָס לויטן געזעץ פון קערענסקען. דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע וואַלן איז געווען, אַז די אוקראַינישע עלעמענטן זיינען אומעטום זייער ווייניק דורכגעגאַנגען, און די מערהייט זיינען געווען רוסן און יידן, וועלכע האָבן ניט נאָר פריינדלעך, נאָר אָפטמאָל אפילו פיינדלעך זיך באַצויגן צום גענעראַלן־סעקרעטאַריאַט און צו דער אוקראַינישער אידעע בכלל. די קיעווער שטאָט־פאַרוואַל־טונג, למשל, שרייבט מ. ווינִיטשענקאָ, האָט אַלאַנגע צייט ניט גע־וואָלט געבן קיין לאָקאַל פאַר דעם גענעראַל־סעקרעטאַריאַט און האָט געמוזט דינגען אַ שמוציקן האָטעל אויף שווערע באַדינגונגען ***.

אַזוי שילדערט די באַציאונגען צו דער אוקראַינישער פויערשער באַוועגונג מאַזעפאַ.

---

*) זייט 15. Вільна Україна· Львів 1921

**) דאָרט, זייט 16

***) דאָרט זייט 23

אין דער ווירקלעכקייט זיינען די באַציאונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג ניט געווען ביי אַלע שיכטן גלייך.

די גרויסע יידישע בורזשואַזיע די (בראָדסקעס און האַלפּערנס, למשל) איז געווען אויך אַזויפיל פאַראינטערעסירט אין דער רוסישער רעוואָלוציע, אויף וויפיל זי האָט זיי באַפרייט פון די שענדלעכע באַגרעניצונגען, וואָס די אַלטע צאַריש-פעאָדאַלע אָרדענונג האָט פאַר זיי איינגעשטעלט. די סאָציאַלע זייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז זיי געווען פרעמד און האָט אַפילו זיי געשראָקן.

דעריבער, ווען זיי האָבן דערזען, אַז אַפילו אין דער „צענטראַלער ראַדע" (דער אוקראַינישער פּאַרלאַמענט) האָבן די אַרבעטע און די פּויערים אַ מערהייט, האָבן זיי פאַרנומען אַ אָפן פיינדלעכן שטעלונג בנוגע דער אוקראַינישער פּוי-ערשער באַוועגונג (דאָברי, גוטניק) *).

אַן אַנדער פּאָזיציע האָט פאַרנומען די יידישע מיטעלע און קלענערע בורזשואַזיע. איר האָט זייער אימפּאָנירט דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער אוקראַינישער באַוועגונג. די ציוניסטן האָבן שטענדיק אונטערגעשטראָכן זייער פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער אוקראַינישער באַוועגונג.

אויף דעם פעלקער-צוזאַמענפאָר אין 1919 אין קיעוו, אין דער „צענטראַלער ראַדע", האָבן די ציוניסטן אין אַלע אַרויסטרעטונגען באַטאָנט זייער טרייקייט דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

בראש פון דער יידישער דעלעגאַציע, וואָס איז געגאַנגען באַגעגענען די „דירעקטאָריע" (אין דער דירעקטאָריע זיינען אַריינגעגאַנגען ווינניטשענקאָ, פּעטליורע און נאָך אייניקע) אין 1919

---

*) גוטניק, אַ פאָרשטייער פון דער אָדעסער יידישער גרויס-בורזשואַזיע, איז געווען מיניסטער בעת דער ממשלה פון העטמאַן אין אוקראַינע. זיין שטים האָט אויך דעצידירט, אַז עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן די נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלע אווטאָנאָמיע.

אין קיעוו, זיינען געווען ציוניסטן *).

אין קאַמענעץ-פּאָדאָלסק האָט אַלטמאַן (אַ ציוניסטישער דעפּוטאַט אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג) אונטערגעשטראָכן די פּאָזיטיווע שטעלונג פון די ציוניסטן צו דער אוקראַאינישער באַוועגונג, בעת ער איז געווען אין דער דעלעגאַציע ביי פּעטליורען.

נאָר ניט קוקנדיק אויף דעם אַלעמען האָט זיך צווישן די ציוניסטן און די אוקראַאינישע פּאַרטייען דאָך ניט געשאַפן קיין קאָנטאַקט. די רעכטע אוקראַאינישע פּאַרטייען זיינען געווען אַנטיסעמיטיש און מיט די לינקע האָבן זיי זיך ניט געקענט צונויפריידן און דידאָזיקע פּאָזיטיווע שטעלונג פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט גרופּירט אַרום זיך דעם גרעסטן טייל פון מיטעלן און קליין-בירגערטום איז געווען בלויז אַן אָפּיציעלע.

אין דער ווירקלעכקייט האָבן זיך דידאָזיקע שיכטן גאָר אַנדערש באַצויגן די- צו דער נייער אוקראַאינישער באַוועגונג.

דער יידישער סוחר, מעקלער און פאַקטאָר האָט זיך אין אַ משך פון לאַנגע יאָרן צוגעפּאַסט צו די, וואָס האָבן געשפּילט די הויפּט-ראָל אין אוקראַאינע—דעם פּריץ, דעם גענעראַל, דעם באַאַמטן א אַז וו.

זיי איז געווען זייער שווער זיך צוצופּאַסן מיטאַמאָל צו גאָר אַ ניי געשאַפענער סיטואַציע.

דאָס האָט זיך זייער געפילט אין דער צייט פון דעם העטמאַן, ווען די דייטשן האָבן זיך באַוויזן אין אוקראַאינע—און דער געוועזענער פּריץ האָט אָנגעהויבן שפּילן די פריערדיקע דאָמינירנדיקע ראָלע.

די גרופּן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָבן געקענט גיין מיט די פויערים—זיינען געווען די בעלי-מלאכות. און באמת, זיינען די באַציאונגען צווישן זיי און די פויערים פאַרהעלטענישמעסיק געווען בעסער, איידער צו אַנדערע שיכטן. דעם סוחר האָט דער פויער געהאַלטן פאַר אַ ספּעקולאַנט, וואָס שרויפט

*) זע די יידישע אווטאָנאָמיע און דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט אין אוקראַאינע, ז. 3.

אַרויף שטענדיק די פרייזן, און האָט זיך דעריבער באַצויגן צו אים פיינדלעך. לויט דער באַגרעניצטער פאָרשטעלונג פון פויער, וועלכע זיינען אין דעם גייסט געווען שטאַרק באַאיינפלוסט, איז דער יידישער סוחר שולדיק געווען אין דעם גאַנצן יקרות.

צו דעם בעל-מלאכה האָט זיך דער פויער אַנדערש באַצויגן. פאַרלירענדיק דעם באָדן אין שטאָט, איז דער בעל-מלאכה געגאַנגען אין דאָרף, וואו ער האָט זייער אָפט באַקומען פאַר זיין אַרבעט פראָדוקטן אָנשטאָט געלט.

אַזוי האָבן זיך אין אַ סך ערטער אין פּאָדאָליע איינגעשטעלט פרידלעכע באַציאונגען צווישן די בעלי-מלאכות און די פויערים.

אָבער פּאָליטיש איז דער יידישער בעל-מלאכה ניט געווען אָרגאַניזירט און ער האָט זיך אַממערסטן נאָכגעשלעפּט נאָך אַנדערע פּאַרטייען.

ערשט אין דער לעצטער צייט האָבן די בעלי-מלאכות אָנגעהויבן אַרויסטרעטן מיט זעלבשטענדיקע פּאָליטישע פּלאַטפאָרמען *).

די יידישע אינטעליגענץ האָט פאַרנומען ניט קיין גינסטיקע פּאָזיציע צו דער אוקראַינישער באַוועגונג. אויפגעהאָדעוועט אין די רוסישע גימנאַזיעס און אין די רוסישע אוניווערסיטעטן, דערצויגן אין גייסט פון דער רוסישער קולטור, איז זיי געווען זייער שווער זיך צופּאַסן און באַנעמען די אוקראַינישע באַוועגונג.

אַן אַנדער פּאָזיציע האָבן אויך פאַרנומען די יידישע אַרבעטער אין אוקראַינע. גלייך אין די ערשטע טעג פון דער אוקראַינישער באַוועגונג האָבן זיך די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען געשטעלט אויף איר צד. ר אַ פ ע ס (בונדיסט) איז געפאָרן אין 1917 אין פּעטערבורג פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די אוקראַינער פאַר דער צייטווייליקער (קערענסקעס) רוסישער רעגירונג.

ראַפעס איז אין יענער צייט זייער שאַרף אַרויסגעטראָטן

*) זע ביילאַגע 2

קעגן דעם גרויסרוסישן באָלשעוויזם (1917, 1918). זאָלאַטאַ־ריאָוו (בונדיסט) איז געווען גענעראַל־סעקרעטאַר אין דעם אוקראַיני־שן סעקרעטאַריט (מיניסטעריום), זילבערפאַרב (פאַראייניקטער) איז געווען דער ערשטער מיניסטער פאַר יידישע ענינים אין אוק־ראַינע, נאָוואַקאָווסקי (פאַראייניקטער, נאָכדעם אַ אָנגעזעענער קאָמוניסט) איז געווען זייער פּאָפּולער צווישן די אוקראַינער און האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער „צענטראַלער ראַדע".
אויף אַ קאָנפערענץ פון „פאַראייניקטע" אין קיעוו, אין אַפּריל 1918, האָט ער זייער הייס פאַרטיידיקט די אוקראַינישע אָריענטאַציע, און האָט צוגעגעבן, אַז אוקראַינע קען ווערן אַ „אוקראַינאָ־יודעאַ".
די פּועלי־ציון זיינען שטענדיק געגאַנגען מיט די אוקראַינער.
אָבער די אוקראַינער מיט זייער ניט איסגעהאַלטענער שאָ־וויניסטישער פּאָליטיק האָבן פון זיך גיך אָפּגעשטויסן די יידישע סאָציאַליסטן.
און ווען פאַר דעם יידישן אַרבעטער אַנטשטייט די פראַגע: צו וועמען צוצושטיין, צי צו דער באָלשעוויסטישער גרויסרוסישער באַוועגונג אָדער צו דער קליינבירגערלעכער אוקראַינישער— קלייבט ער אויס די ערשטע. „ער, וועלכער איז תּמיד געגאַנגען אין אַוואַנגאַרד פון דער רעוואָלוציע, וויל ניט און קען ניט בלייבן פון הינטן"—טענהן די נייע יידישע קאָמוניסטן *).
דערנאָך האָבן זיך צום גרעסטן אומגליק פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, אָנגעהויבן אין אוקראַינע, פאַרשיידענע איבער־קערענישן, וואָס האָבן געבראַכט צו די בלוטיקסטע יידישע שחיטות.
אַזוי זיינען געווען די יידיש־אוקראַינישע באַציאונגען אין די יאָרן 1917, 1918 פון דער רעוואָלוציע.
אַלס אילוסטראַציע, וויפיל מאַכטן עס זיינען געווען בלויז אין פראָסקוראָוו אַליין פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע ביז 1־טן יאַנואַר 1921, קען דינען פאָלגנדיקע טאַבעלע:

---

*) М. Рафес. Два года революции на Украйне или кризис Бунда.

קערענסקעס רעגירונג
אוקראַינישע מאַכט
באָלשעוויקעס
דייטשן מיט דער „צענטראַלער ראַדע"
העטמאַן
דירעקטאָריע
באָלשעוויקעס
דירעקטאָריע
באָלשעוויקעס
די דירעקטאָריע מיט, גאַליצישן חייל
דעניקין
פּאָלאַקן
אוקראַינער—פּאָלאַקן
באָלשעוויקעס
אוקראַינער
באָלשעוויקעס.

ווי אין אַ קינעמאַטאָגראַף האָבן זיך געביטן די פאַרשיידענע מאַכטן—און יעדער מאַכט קומט מיט נייע פאָדערונגען, און צו יעדער מאַכט שאַרן זיך צו פּראָפעסיאָנאַלן-באַנדיטן. און די יידישע באַפעלקערונג האָט גוט געפילט דעם טעם פון זיי!

דאָס זיינען געווען קאַטעגאָריעס מענטשן, וואָס האָבן זיך אויסגעבילדעט אין פּראָצעס פון דער מלחמה. זייער פּראָפעסיע איז געוואָרן: רויבן, הרגענען, קוילן—און, געוויינלעך, האָט מען דאָס לייכטער פאַר אַלץ געקענט אָנווענדן בנוגע דער שוצלאָזער, יידישער באַפעלקערונג.

אין די ערטער, וואו די יידישע באַפעלקערונג האָט געגעבן אַ אָרגאַניזירטן אַקטיוון ווידערשטאַנד, זיינען די רויבער אָפּגעטראָטן.

איבערהויפּט זיינען געווען געפערלעך פאַר דער יידישער באַפעלקערונג צוויי מאָמענטן: „דאָס אַריינגיין און אַרויסגיין פון אַ מאַכט". דער אָפּגעריסענער הונגעריקער סאָלדאַט פלעגט זיך אין אַזעלכע פאַלן זייער אָפט אַ לאָז טאָן אין שטעטל צו

זוכן פאַר זיך עפּעס עסן און קליידער—און דאָס פּלעגט זיך ניט זעלטן ענדיקן מיט אַ פּאָגראָם.

נאָר געפערלעכער ווי אַלץ איז געווען די קולטיווירטע ספּעציפישע שנאה צודי יידן. וועלכע מען האָט אויסגענוצט אין דער אוקראַינישער באַוועגונג אַלס מיטל, אַלס גוט באַקאַנטן מיטל נאָך פון די צייטן פון צאַריזם. צו באַרואיקן דעם אומצופרידענעם פויער און קאָזאַק.

דער אַנטסעמיטיזם, וועלכער האָט געשלאָגן אויף אוקראַי־נער טיפע וואָרצלען, האָט זיך איצט ברייט פונאַנדערגעבליט. ניטאָ קיין זאַלץ, ניטאָ קיין פּראָדוקטן, ניטאָ קיין שטיוול, ניטאָ קיין וועש און קיין קליידער—די זשידעס באַהאַלטן.

די באָלשעוויקעס מאַכן אַ אָנגריף אויף אוקראַינע, עס ווערט שלעכט—אין דעם זיינען שולדיק די קאַצאַפּעס מיט די זשידעס. און ביסלעכווייז ווערט איינגעוואָרצלט דער געדאַנק, אַז אין אַלץ זיינען שולדיק די זשידעס.

מען האָט געוועקט און געררייצט די ווילדסטע אינסטינקטן ביי די פינסטערע מאַסן — און מיט דעם האָט מען געוואָלט געווי־נען זייער סימפּאַטיע.

די זשידעס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט — דאָס איז געווען דער לאָזונג פון די פּאָוסטאַנצעס.

אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז דאָס געווען אַבסאָלוט ניט ריכטיק. די יידן האָבן געווים גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין די ראַטן־אַנשטאַלטן און אין די רעווקאָמען, נאָר זיי האָבן גע־בילדעט גאָר אַ קליינעם פּראָצענט, די ניט־יידן. מערניט די יידן האָבן זיך געוואָרפן שטאַרק אין די אויגן, מחמת די קריטסלעכע באַפעלקערונג איז פון שטענדיק אָן געווען געוויינט צו קומען אין די מלוכה־אַנשטאַלטן און ניט געפינען דאָרט קיין יידישע באַאַמטע.

אין 1920־טן יאָר האָבן די באָלשעוויקעס אויפגעהערט־שיקן קיין אוקראַינע און פּאָדאָליע יידישע אינסטרוקטאָרן, מיט־אַרבעטער, נעמענדיק אין אַכט די שטימונג פון דער ניט־יידישער באַפעלקערונג.

ד י  ג ר ע ס ט ע  ש ו ל ד  ל י ג ט  א ו י ף  ד י  פ י ר נ ד י ק ע  ע ל ע מ ע נ ט ן  פ ו ן  ד ע ר  א ו ק ר אַ י נ י ש ע ר ב אַ ו ו ע ג ו נ ג. זיי האָבן באַגאַנגען אַ אומפאַרציילעכן שווערן פאַרברעך קעגן דער יידישער באַפעלקערונג און אַ שולד בנוגע דער אוקראַינישער באַוועגונג.

די אוקראַינישע אינטעליגענץ האָט כמעט אינגאַנצן פאַר־שוויגן, אויף אַ פאַרברעכערישן אופן, די יידישע פּאָגראָמען, אָדער, אין בעסטן פאַל, ווינציק אויפמערקזאַמקייט אָפּגעגעבן דעם קאַמף מיט די פּאָגראָמען־מאַכערס *).

עס איז אינטערעסאַנט צו ברענגען אייניקע ערטער פון גאָלדעלמאַנס בוך, (געוועזענעם געהילף־מיניסטער פון אַרבעט ביי די אוקראַינער)**):

„איך מוז מיט באַדויערן קאָנסטאַטירן", שרייבט ער, אין יוני 1919 „אַז די מערהייט פון די היגע מיניסטאָרן, סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן און זייערע לידערס, זיינען ענטוועדער באַהערשט געוואָרן פון דער אידעאָלאָגיע, וואָס פאַרבינדט פרינציפּיעל יעדן קאַמף מיט די באָלשעוויקעס ניט אַנדערש, ווי מיט יידישע פּאָג־ראָמען, אָדער זיי זיינען אַזוי ווייט פאַרקראָכן אין זייער שאָוויניזם, אַז זיי זיינען גרייט אויסצונוצן די פּאָגראָם־שטימונג פון דעם פוי־ערטום ל ט ו ב ת ד ע ר א ו ק ר אַ י נ י ש ע ר ב אַ ו ו ע ג ו נ ג (קורסיוו מיינער)"

ווייטער:

„איך האָב זיך געמוזט נעמען פאַר „אויפקלערונגס־אַרבעט". כל־זמן די ס.־ד. זיינען נאָך ניט קראַנק אויף דערדאָזיקער

*) זע די יידישע אווטאָנאָמיע און דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט אין אוקראינע, זייט 99 און ווייטער.

**)С. Гольдельман.

Листі жидівскаго соціял-демократа про Україну.

מחלה—דאַרף מען ענערגיש אָפּשטעלן די מעגלאַכקייט פון איר אַנטוויקלונג.

איך האָב זיך געמוזט נעמען פאַר „אויפקלערונגס"-אַרבעט צווישן די אוקראַאינישע מיניסטאָרן און די לידערס פון רעוואָלוציאָנעם סאָציאַליזם" *).

עס זיינען אַפילו געבילדעט געוואָרן, נאָך די שרעקלעכע פּאָגראָמען אין 1919 יאָר, „אויספאָרשונגס-קאָמיסיעס", נאָר זיי האָבן גאָרניט אויפגעטאָן. די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַטאָרן פון די יידישע פּאָגראָמען (פּאָליענקאָ, סימאָסענקאָ און אַנדערע) זיינען ניט באַשטראָפט געוואָרן.

די אויספאָרשונגס-קאָמיסיעס האָבן זייער שוואַך געאַרבעט— און דעריבער האָט די יידישע באַפעלקערונג ניט געגלויבט זיי און האָט זיך באַצויגן צו זיי קאַלט.

אָט די אומבאַשטראָפטקייט, דאָס טאָלערירן די באַנדיטן—האָט באַשאַפן אַזאַ מין שטימונג ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אַז יידן מעג מען קוילן.

אמת, עס זיינען אַרויסגעלאָזן געוואָרן אויפרופן וועגן די פּאָגראָמען, אָבער קיין ממשותדיקע טאַטן האָט מען ניט געזען.

די פּאָגראָמען האָבן אָפּגעמעקט פון דער ערד גאַנצע יידישע שטעט און שטעטלעך, אויסגעקוילעט צענדליקע טויזנטער יידן, חרוב געמאַכט דעם גרויסן יידישן ישוב אין אוקראַינע.

די פּאָגראָמען האָבן אָבער פאַרניכטעט אויך אוקראַאינישע שטעט, דעמאָראַליזירט דאָס אוקראַאינישע חייל און קאָמפּראָמעטירט די אוקראַאינישע באַוועגונג.

די פּאָגראָמען האָבן געשטויסן אַפילו די יידישע בירגערלעכע גרופּן אין די רייען פון די באָלשעוויקעס.

די יידישע אַרבעטער האָבן אין 1919 געפירט אַ אַקטיווען קאַמף קעגן די אוקראַאינשע „פּאָווסטאַנצעס", ווייל וואו זיי פלעגן נאָר קומען, פלעגן זיי פשוט אויסשניידן אַלע יידן.

עס האָט זיך געפירט אַן אמתע מלחמה, וואו אויף איין זייט איז גע-

*) דאָרט, זייט 37.

שטאַנען אַ רעגולערע אַרמיי, באַוואָפנטע פויערים, און אויף דער אַנדער זייט—די אומבאַוואָפנטע יידישע שטעטלאַך.

„נאָך דעם ווי מיר האָבן געענדיקט די מלחמה מיט דער יידישער באַפעלקערונג"... שרייבט אַ פּאָוסטאַניעץ אין ליטין אין איינעם פון זיינע אויפרופן...

„שטיל און רואיק האָט זיך געלעבט אונזער קליין שטעטעלע, קיין פּאַרטייען זיינען ביי אונז ניט געווען, קיין פּאָליטיק האָבן מיר ניט געפירט"... שרייבט אַ ייד פון אַ קליין שטעטל צום קאַמענעצער קאָמיטעט צו העלפן די געליטענע פון פּאָגראָמען.

און אין דעם שטילן שטעטעלע אין פּאָדאָליע רייסן זיך אריין באַנדיטן, הויבן אָן קוילן, שענדן פרויען, רויבן און פאַרניכטן דעם פאַרמעגן. די יונגעלייט צולויפן זיך. זיי בעטן געווער ביי די באָלשעוויקעס, זיי ווילן בילדן אַ זעלבסטשוץ, נאָר די באָלשעוויקעס גיבן זיי ניט. „אָדער איר זייט מיט אונז, דאַן גייט אין דער רויטער אַרמיי, אָדער איר זייט קעגן אונז—און דאַן קענען מיר אייך ניט טרויען קיין געווער".

און ווי האָבן זיך דאַמאָלסט אויפגעפירט די יידישע קאָמוניסטן? „אין אַ צייט פון סאָציאַלער רעוואָלוציע—האָבן געשריבן די יידישע קאָמוניסטן אין זייערע צייטונגען—„איז דער איינציקער אויסוועג פאַר די יידישע מאַסן צוצושטיין צו דער ראַטן-מאַכט; אַז ניט--דראָט זיי אַ געפאַר אויסגעראָטן צו ווערן".

און עס האָבן זיך געבילדעט ספעציעלע יידישע מיליטערישע אָפּטיילונגען מיט אַ צענטראַלן אָרגאַן „יעווסעקציע" אין קיעוו, וואָס האָט דאָס רוב מענטשן-מאַטעריאַל ווערבירט צווישן די פּאָגראָמירטע יידישע שטעטלאַך.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין אין צוויי טעג אַרום נאָך אַ פּאָגראָם אין אַ יידיש שטעטל ב. וואו מען האָט געוואַרט, אַז די „פּעטליוראָוועס" זאָל ווידער פאַרנעמען דאָס שטעטל, און איך האָב זיך דערוויילע צוגעקוקט צו דער אַרבעט פון אַ אינסטרוקטאָר פון „יעווסעקציע".

וועגן קיטאַי-גאָראָד האָב איך שוין געשריבן פריער.

פאַר דער יידישער יוגנט אין דעם שטעטל זיינען געווען 2 וועגן: אָדער בלייבן אין שטעטל און אויסגעקוילעט ווערן צוזאַמען מיט די עלטערן, ברידער און שוועסטער, אָדער גיין אין דער רויטער אַרמיי און קעמפן מיט די „פּאָגראָמשטשיקעס". די יידישע יונגע־לייט האָבן געשטעלט פראַגעס דעם אינסטרוקטאָר, זיך מישב גע־ווען — און סוף־כל־סוף האָבן זיי זיך מיט ניט קיין געהויבענער שטימונג צעזעגנט מיט די נאָענטע און אַוועקגעפאָרן קיין קיעוו.

אַ סך יידישע יונגעלייט פלעגן זיך לערנען מיליטער־קונסט און נאָכדעם אַריינגעגאָסן ווערן אַלס יידישע טיילן אין די אינטער־נאַציאָנאַלע באָלשעוויסטישע פּאָלקן.

אין דער ווירקלעכקייט אָבער האָט זיי די ראַטן־מאַכט אויס־גענוצט בלויז קעגן די פּאָגראָם־באַנדעס — און פלעגט זיי, נאָך ניט קיין אויסגעלערנטע און ניט קיין ערפאַרענע, שיקן אויפן פראָנט.

אַ גאַנץ זומער פון יאָר 1919 האָט די יידישע באַפעלקע־רונג פון פּאָדאָליע (וואָס גרעניצט זיך מיט גאַליציע) געליטן פון פּאָגראָמען.

די גרעניצן פון פּאָדאָליע, וואָס האָבן אין אַלגעמיין פון די אויפשטאַנדן ווייניק געליטן, האָבן זייער פיל געליטן פון די רע־גולערע מיליטער־טיילן פון דער „אוקראַינישער פּאָלקס־רעפּוב־ליק"—פון די מיליטער־פּאָגראָמען.

דער איבעריקער טייל פון פּאָדאָליע האָט מערער געליטן פון די פּאָגראָמען, וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט דורך די „פּאָווסטאַנצעס".

די גרעסטע פּאָגראָמען זיינען פאָרגעקומען אין די חדשים מאַי—אַווגוסט.

דאָס מיליטער פון דער „אוקראַינישער פּאָלקס־רעפּובליק" האָט, בעת זיין אָפּענסיווע קעגן די באָלשעוויקעס אין די חדשים מאַי,יוני,אַווגוסט 1917, געלאָזט נאָך זיך אַ בלוטיקן שליאַד אין אַ סך יידישע שטעט און שטעטלעך.

אין אָרינין זיינען פאָרגעקומען אייניקע פּאָגראָמען אין די חדשים

מאַי און יוני; דערביי זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן 28 מענטשן.

די איבעריקע מיליטער־פּאָגראָמען זיינען פאָרגעקומען אין פאָלגנדיקע שטעט און שטעטלעך:

שאַטאָוואָ, דונאַעווצי, מינקאָווצי, יאַלטושקאָוו, מוראַוואַני־קורילאָווצי, ווערבאָווצי, באַר, זשמערינקאַ, בראַילאָוו (געהרגעט 28 באַרער יונגעלייט), קאַפּאַי־גאָראָד, ווילקאַווינצי, דעראַזשנע, סאָלאָבקאָווצי (זייער פיל געליטן), יאַרמאָלינעץ, יאַרישעוו, זשוואַנטשיק, פּראָסקוראָוו; די פּאָוויאַטן: קאַמענעצער, פּראָסקוראָווער, מאָהילעווער, נייי־אושיצער.

ווי שרעקלעך עס זיינען אָבער ניט געווען די פּאָגראָמען פון די מיליטערישע טיילן—האָט נאָך די אַכזריות פון די פּאָגראָמען פון די פּויערים־באַנדעס זיי איבערגעשטיגן.

אַ גאַנץ זומער האָבן די צעווילדעוועטע פּויערשע באַנדעס געבושעוועט: זיי האָבן געקוילעט, געראַבירט און געשענדט. עס איז פאָרגעקומען אַ פּערמאַנענטער פּאָגראָם.

זייער שטאַרק האָבן געליטן ליטינער, הייסינער און בראַצלאַווער פּאָוויאַטן. אין הייסין זיינען געפאַלן הונדערטער יידישע קרבנות.

הייסין — אַ פּאָוויאַטאָווע שטאָט, וואָס האָט געלעבט מיט אַ אינטענסיוון קולטורעלן לעבן (דאָרט איז געווען אַפילו אַ יידישע גמנאַזיע), איז פולקום חרוב געוואָרן.

(אין הייסינער פּאָוויאַט זיינען נאָך פריער מיט איניקע חדשים פאָרגעקומען פּאָגראָמען אין די שטעטלעך:

גראַנאָוו. אָרגאַניזירט האָט דאָרט דעם פּאָגראָם פּעטליורעס חייל, האָט פאַרברענט דאָס שטעטל און 5 יידן געהרגעט.

קובליטש. דעם פּאָגראָם האָט געמאַכט פּעטליורעס חייל, 30 יידן זיינען דערהרגעט געוואָרן.

טעפּליק. דאָס גאַנצע שטעטל איז צעראַבירט געוואָרן. הונדערטער קרבנות זיינען געפאַלן. דעם פּאָגראָם האָט דאָרט גע־

מאַכט פעטליורעס חייל. (אַלע ידיעות גענומען פון בוך: יידישע אַוטאָנאָמיע אין נאַצי. סעקר. אין אוקר.)

פון 11=9 מאַי איז פאָרגעקומען דער ערשטער פאָגראָם אין בראַצלאַוו, אָרגאַניזירט פון אַטאַמאַן וואָלינעץ. עס זיינען דאָרט געווען ביז 200 הרוגים. ווי אין הייסין, אַזוי אויך אין בראַצלאַוו, קומען פאָר פאָגראָמען דעם גאַנצן זומער. זייער פיל האָט אויך געליטן דער בראַצלאַווער פאָוויאַט. עס האָבן שטאַרק געליטן געמיראָוו, יטולטשין, שפיקאָוו, פעטשאָ=ראַ (30 מיידלעך געשענדעט ווערן קראַנק ווענעריש).

אַ שרעקלאַכער פאָגראָם איז פאָרגעקומען אין טראָסט=יאַניעץ. דער טראָסטיאַניעצער גאַרניזאָן איז בעשטאַנען פון הונדערט רויטע אַרמייער, לערך אַ העלפט פון זיי יידן, די איבע=ריקע קריסטן, בעת דעם פויערים= אויפשטאַנד גייען די רויטע אַרמייער אַריבער צו די „פאָווסטאַנצעס".

דעם 14=טן מאַי טרייבן זיי צונויף די גאַנצע יידישע באַפעל=קערונג, פון 12 יאָר אָן, אין דער דירה פון „רעווקאָם" און הרגענען זיי אַלעמען אויס—ביז 250 נפשות—בלויז מאַנסבילן עס בלייבן 900 יתומים און אלמנות.

אין יאַמפאָליער פאָוויאַט האָבן געליטן:

יאַמפאָל, פאָפאָווצי, קאָפאַי=גאָראָד, יאַרישעוו, לוטשינעץ, אָזאַרינצי, שאַרגאָראָד, קראַסנאָיע.

אין אָליגאָפאָליער *) פאָוויאַט האָבן געליטן:

בערשאַד, טשעטשעלניק, לאַדיזשין.

שרעקלאַך האָט אויך געליטן באַלטער געגנט:

באַלטאַ, פעסטשאַנקע, ריבניצי.

אין אָנהויב פעברואַר 1919 גייט באַלטע אַריבער פון די באָלשעוויקעס צוריק צו פעטליורעס חייל. די „סיטשעוויקעס" (אוקראַינער זעלנער) הויבן אָן גלייך צו ראַבעווען און פייניקן

---

*) וועגן אָליגאָפאָליער און באַלטער געגנטן האָבן מיר ג. האָט זייער ווייניק ידיעות.

כמעט אַלע יידישע הייזער און קראָמען ווערן צוראַבירט. 27 יידן ווערן דערשאָסן, פאַראַן אַ סך פאַרוואונדעטע, פאַראַן אויך געשענדעטע פרויען.

מיט אַ חודש שפּעטער קומט פאָר דער צווייטער פּאָגראָם; עס שפּילן זיך אַכזריותדיקע שוידערלעכע מעשים. מען הרגעט קנים, פרויען, מען זעצט אַרויף קינדער אויף די פּיקעס, מען נעמט אַראָפּ גאָלדענע רינגען צוזאַמען מיט די פינגער. די קערפּערס פון די דערהרגעטע וואַלגערן זיך אַ גאַנצע וואָך און מען ערלויבט ניט ברענגען זיי צו קבורה.

אין אַ לענגערע צייט אַרום איז אין באַלטע נאָכאַמאָל געוועזן אַ פּאָגראָם אַ גרויסער טייל שטאָט איז פאַרברענט געוואָרן.

אין ווינניצער ראַיאָן האָבן געליטן:

יאַנאָוו, קאַלינאָווקאַ, פּיקאָוו, בראַילאָוו, ושמערינקע.

די שטאָט ווינניצע גופא האָט ניט געליטן.

אין ליטינער ראַיאָן האָט שרעקלעך געליטן די פּאָוויאַטאָווע שטאָט ליטין.

דער ערשטער פּאָגראָם איז דאָרט פאָרגעקומען דעם 15־טן; עס זיינען געפאַלן ביז 110 קרבנות, נאָכדעם האָט ליטין אַ גאַנץ זומער געליטן פון אַ פּערמאַנענטן פּאָגראָם. די צאָל קרבנות נאָך דעמדאָזיקן פּאָגראָם זיינען פאַרהעלטענישמעסיק ניט געווען גרויס, נאָר די שטאָט איז אינגאַנצן חרוב געוואָרן. אַ סך הייזער און די מאַרק־קראָמען זיינען פאַרברענט געוואָרן.

די באַנדיטן האָבן איינגעשפּאַנט אין אַ פור 2 אַלטע יידן, זיי געצוואונגען פאָרן אין וואַלד אַריין און דאָרט זיי אויפגעהאַנגען.

די איינוואוינער פון שטאָט זיינען זיך צעלאָפן אין ווינניצע. בראש פון די באַנדיטן איז געשטאַנען איינער שעפּעל.

אין ליטינער פּאָוויאַט האָבן זייער פיל געליטן ניי־קאָנסטאַנטיאָוו, אַלט־סינאַוואַ און פּיליאַווע.

לעטיטשעווער פּאָוויאַט האָט פאַרהעלטענישמעסיק ווייניקער געליטן; מערער האָבן געליטן: דעראַזשנע, מיכאַמפּאָל, ווילקאָווינצי.

אַ סך יידן זיינען אויך דערהרגעט געוואָרן אויף די וועגן און דערהויפּט אין די דערפער. אין פּאָדאָליער גובערניע זיינען געווען אַ סך יידישע ישובים אין די דערפער—און אַלע זיינען זיי אויסגעראָטן געוואָרן.

אַ געוויסע צאָל פּאָגראָמען זיינען אויך געמאַכט געוואָרן דורך איינִיקע באָלשעוויסטישע מיליטער־טיילן: „טאַראַשטשאַנער דיוויזיע" און „בעסאַראַבער דיוויזיע". די פּאָגראָמען פון דער רויטער אַרמיי זיינען פאָרגעקומען אין פאָלגנדע פונקטן: מינקאָווצי, יאַלטישקאָוו (לויט דער עדות פון ד"ר ש., אַ יידישער קאָמוניסט), אין ראַיאָן פון וואַפּניערקאָ, פּראָסקוראָוו (2 געהרגעטע), מיכאַלפּאָל. אין יולי־אַווגוסט האָט זיך דאָס שטעטל סאָלאָבקאָווצי געפונען צווישן דעם באָלשעוויסטישן פראָנט און דעם אוקראַינישן. עס זיינען געווען אָפטע פאַלן, ווען טיילן פון די ביידע פיינדלעכע אַרמייען האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי פאַרשיידענע עקן פון שטאָט און געראַבעוועט און געהרגעט די יידישע באַפעלקערונג. איינִיקע יידן פון סאָלאָבקאָווצי זיינען פון שרעק אַראָפּ פון זינען.

אין טעאָפּיפּאָל (וואָל. גוב.), ניט ווייט פון פּראָסקוראָוו, זיינען יידן צוזאַמען מיט פּויערים אַרויסגעטראָטן קעגן דער ראַטן־מאַכט. נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן דערשטיקט דעם אויפשטאַנד איז דאָרט פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם—דאָס שטעטל איז צעראַבירט געוואָרן און ביז 50 מענטשן זיינען דערהרגעט געוואָרן.

אין ליטין האָט אַ באָלשעוויסטישע אָפּטיילונג נאָך דעם פּאָגראָם פון 15־טן מאַי אין אַ משך פון 2 וואָכן טעראָריזירט און געראַבעוועט די יידישע באַפעלקערונג.

אין אַלגעמיין האָבן די רויטע אַרמייער, וואו זיי האָבן שוין אפילו געמאַכט פּאָגראָמען, דאָס רוב באַגנוגנט זיך בלויז מיט ראַבעווען—אין זעלטענע פאַלן האָבן זיי געהרגעט יידן.

נאָר דאָס אַלץ, וואָס איך באַשרייב דאָ, איז ממש אַ טראָפּן פון דעם ים יסורים און פּיין, וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט איבערגעלעבט אין משך פון זומער 1919. עס זיינען געווען פאַלן,

וואו די רוצחים האָבן געפּייניקט זייערע קרבנות מיט אזא ווילדן סאַדיזם, אַז די האָר שטעלן זיך קאַפּויר.

די געבראַכטע ידיעות גיבן נאָר א אויבנאויפיקע בלאַסע פאָרשטעלונג וועגן דעם, וואָס עס איז אין דער ווירקלעכקייט פאָרגעקומען אין דער פאַרפלייצטער מיט בלוט פּאָדאָליע.

עס איז קיין וואונדער ניט דעריבער, אַז די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָרן, אַרומגעכאַפּט פון אַ טויט־שרעק.

אַ טייל איז צוגעשטאַנען צו די באָלשעוויקעס און איז אַריינגעטראָטן אין דער רויטער אַרמיי, אַ גרויסע טייל אָבער האָט פאַרלאָזט די הייזער, דעם פאַרמעגן, דאָס לעצטע ביסל בעבעכעס און האָט זיך געלאָזט, וואוהין די אויגן וועלן טראָגן. גאַנצע מחנות יידן האָבן געוואַנדערט איבער די וועגן, ניט וויסנדיק, וואוהין זיי גייען. צום סוף האָט זיך ביי דער יידישער באַפעלקערונג פון די קליינע שטעטלעך באַוויזן אַ שטרעבונג אַריבערצופאָרן אין גרעסערע שטעט (קאַמענעץ, וויניצע, קיעוו, אָדעס א. אַז. וו.). מען האָט זיך געריסן צום דניעסטער, און פון דאָרט האָט מען גערעכנט אַריבערפעקלען זיך קיין בעסאַראַביע (רומעניע).

אַ ישוב פון א האַלב מיליאָן יידן איז אין משך פון א קליינער צייט חרוב געוואָרן.

די פאַרבליבענע באַפעלקערונג איז אויסגעמאַטערטע, טעראָריזירט און ליידט שרעקלעכע נויט.

דאָס, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן, האָט פאַרענדיקט דער פלעק־טיפוס, וועלכער האָט צוגענומען טויזנטער יידישע קרבנות.

די פּאָגראָמירטע יידישע באַפעלקערונג, ביי וועלכער מען האָט צעראַבירט ביז דעם לעצטן שנירל, אַפילו די לעצטע פּאָר וועש, האָט געלעבט אין שמוץ—און דאָס האָט מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון פלעק־טיפוס.

גאַנצע שטעטלעך האָבן געליטן הונגער. עס זיינען געווען פאַלן, ווען באָרוועסע, אָפּגעריסענע יידן זיינען פון קליין ביז

גרויס געגאַנגען אַרבעטן צו די פּויערים אויף די פּעלדער, כּדי צו פאַרדינען אויף דעם טאָג חיונה.

## די הילפס־אקציע פאר די געליטענע.

די שרעקלעכע פּאָגראָמען, וואָס די יידישע באַפּעלקערונג האָט איבערגעלעבט, האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גרויזאַמע ירושה:

טויזנטער יתומים, הונדערטער אַלמנות, חרובע שטעט און שטעטלעך, געשענדעטע פרויען.

נאָך אַ גרויסע אָנשטרענגונג פון אַלע אַקטיווע כּוחות פון דער יידישער באַפעלקערונג וואָלטן געקענט עטוואָס פאַרגרינגערן און היילן די שרעקלעכע וואונדן פון די געליטענע.

אין קיעוו האָט זיך, נאָך אַ סך פאַרטייאישע רייבונגען, געבילדעט אין יאַנואַר 1919, נאָך דעם בערדיטשעווער און זשיטאָמירער פּאָגראָם, אַ הילפס־קאָמיטעט אונטער דעם נאָמען „צענטראַלער יידישער־קאָמיטעט צו העלפן די יידן, וואָס האָבן געליטן פון די פּאָגראָמען".

פון די צוגעזאָגטע 5 מיליאָן רובל, וואָס די דירעקטאָריע האָט געשענקט פאַר די געליטענע, האָט דער צענטראַלער הילפס־קאָמיטעט באַקומען דורכן יידישן מיניסטעריום בלויז $1^1/_2$ מיליאָן; אויסערדעם איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן פּריוואַט לערך 400,000 רובל *). מ׳איז צוגעטראָטן צו דער הילפס־אַרבעט כאָטש מיט דער קליינער סומע. ניט לאַנג אָבער האָט געדויערט די אַלגעמיינע אַרבעט.

עס האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן רייבונגען אין קאָמיטעט און די לינקע זיינען אַרויסגעטראָטן פון אים. די לאַגע פון קאָמיטעט איז געוואָרן אַ שווערע. אַ אויסגעשפּראָכענער רעכטער קאָמיטעט האָט ניט געקענט עקסיסטירן ביי דער ראַטן־מאַכט.

דער „קאָמוניסטישער בונד" האָט טאַקע גלייך צוגע־

---

*) ז. די יידישע אויטאָנאָמיע און דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט אין אוקראַינע. קיעוו 1920, זייט—202, 201

שטעלט אַ „מעמאָראַנדום" צו די באָלשעוויקעס — און דער גורל פון קאָמיטעט איז דעצידירט געוואָרן. די ראַטן־מאַכט האָט אַרויסגע־געבן אַ דעקרעט צו פאַרמאַכן דעם קאָמיטעט. און אין דער צייט, ווען עס האָבן זיך געגאָסן טייכן יידיש בלוט, איז פאַרמאַכט געוואָרן, אין מאַי 1919 יאָר, דער איינציקער אַנשטאַלט, וואָס האָט כאָטש וויפיל־ניט־איז געהאָלפן די פּאָגראָמירטע, וואָס האָט כאָטש עפּעס געטאָן.

דער אומגליק איז גרויס, אַלע טאָג קומען צו נייע קרבנות — און העלפן זיי איז ניט ערלויבט.

דאַן האָבן די טוער פון „יעקאָפּאָ", דער לינקער פליגל פון פאַרמאַכטן קאָמיטעט, אָנגעהויבן פאָדערן פון דער ראַטן־מאַכט, עס זאָל געשאַפן ווערן אַ נייער אַנשטאַלט, וועלכער זאָל זאָרגן וועגן די געליטענע יידן. נאָר דאָ האָבן זיך אַרויסגעוויזן שפּאָגל־גייע שטערונגען.

דער „קאָמוניסטישער בונד" האָט ניט געוואָלט צולאָזן צו דער אַרבעט די יידישע סאָציאַליסטן, טוער פון „יעקאָפּאָ", „אָזע" א. אַז. וו. די באָלשעוויקעס ווידער, זיינען בכלל געווען קעגן שאַפן אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט העלפן די פּאָגראָמירטע. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די גאַנצע אַרבעט צו העלפן די יידן, וואָס האָבן געליטן פון די פּאָגראָמען, דאַרף אַרונטערפאַלן אונטער דער דיספּאָזיציע פון דער „אָפּטיילונג צו העלפן די קרבנות פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע"ביים „סאָבעז" (סאָציאַלע פאַרזאָרגונג).

מיר איז צופעליק אויסגעקומען אין דערדאָזיקער צייט צו זיין אין קיעוו און צו שמועסן מיט דעם פאַרוואַלטער פון דער „אָפּ־טיילונג צו העלפן די קרבנות פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע" אויף גאַנץ אוקראַינע מ—קאָ. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דערדאָזיקער מ—קאָ אַ יונגער מאַן אַ קריסט, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין שום אַנונג וועגן אַזאַ מין אַרבעט בכלל, און צווישן דער יידישער באַפעלקערונג בפרט — און אים האָט מען עס איבער־געגעבן אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן.

נאָך זיין מיינונג איז אויסגעקומען, אַז די גרעסטע „געפאַר"

פאַר דער יידישער באַפעלקערונג איז די „נאַציאָנאַליסטישע" פּאָליטיק פון „קאָמוניסטישן בונד", וועלכער האָט געפאָדערט אַ זעלבשטענדיקע יידישע סעקציע ביי דער „אָפּטיילונג צו העלפן די קרבנות פון דער קאָנטר-רעוואָלוציע".

נאָך אַ סך אונטערהאַנדלונגען האָט זיך איינגעגעבן צו בילדן אַזא סעקציע, אין וועלכער עס האָבן געקענט אַריינגיין נאָר קאָמוניסטן. אָבער אויב אין קיעוו איז דאָס געווען גאַנץ לייכט צו רעאַליזירן, איז אין ווינּיצע — צו יענער צייט דער צענטער פון פּאָדאָליע — אָנגעקומען דאָס זייער שווער, און אין דער פּראָווינץ איז דאָס שוין פשוט לעכערלעך אויסגעקומען.

מיר איז אין יענער צייט אויסגעקומען זיך צו טרעפן אין ליטין מיט אַ אינסטרוקטאָר פון „יעווסעקציע" (יידישע סעקציע). דערדאָזיקער אינספּעקטאָר האָט געהאַט ביי זיך געלט צו צעטיילן דער געליטענער באַפעלקערונג און האָט עס געוואָלט איבערגעבן די ליטינער יידישע כלל-טוער. אָבער די טוער האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט נעמען דאָס געלט.

אַ גרויסן פּלאָנטער האָט אַריינגעבראַכט אין דער אַרבעט די איינצייטיקע עקסיסטענץ פון 2 אַנשטאַלטן: „די יידישע סעקציע" און די אָפּטיילונג פון „רויטן קרייץ", וועלכע האָבן אייגנטלעך געדאַרפט טאָן איינע און דיזעלבע אַרבעט.

די אָפּטיילונג פון רוסישן „רויטן קרייץ" צו העלפן די יידישע קרבנות פון די פּאָגראָמען האָט זיך געבילדעט, נאָכדעם ווי מ'האָט פונאַנדערגעלאָזן דעם „פּאָגראָם-קאָמיטעט", לויט דער איניציאַטיוו פון די רעכטע סאָציאַליסטן און דעמאָקראַטישע טוער.

די יידישע קאָמוניסטן האָבן גלייך אָנגעהויבן קוקן קרום אויף דער אַרבעט פון „רויטן קרייץ" און גענומען שטערן אים אין זיין אַרבעט אויף וויפיל זיי האָבן נאָר געקענט.

זומער 1919 איז מיר אויסגעקומען אַרומצופאָרן אַלס באַפולמעכטיקטער פון „רויטן קרייץ". איבער פּאָדאָליער גובערניע, מיין אַרבעט איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע סכנות, מחמת מיר פלעגט אויסקומען צו באַזוכן די שטעטלעך, אַרום וועלכע עס פלעגן

פּאָרקומען אויפשטאַנדן. די געלט-מיטלען פון „רויטן קרייץ“ זיי-נען געווען גאַנץ באַגרעניצטע, קיין הילף פון די ראַטן-אַנשטאַלטן האָבן מיר, פאַרשטייער פון „רויטן-קרייץ“, ניט באַקומען — און די נויט צווישן די געליטענע איז אין דערזעלבער צייט געווען זייער גרויס.

ווען אין יולי איז וויניצע געווען אין פּאָגראָם-געפאַר, בין איך אַוועקגעפאָרן אין קיעוו און האָב אָנגעהויבן פאָדערן פון „רויטן-קרייץ“ מער מעגלעכקייטן דורכצופירן די שווערע און פאַראַנט-וואָרטלעכע אַרבעט.

קיין פּאָזיטיוון ענטפער האָב איך אָבער ניט באַקומען. מען האָט מיר נאָר געגעבן אַ ביסל וועש, וועלכע איך האָב מיט גרויס מאַטערניש אַריבערגעפירט קיין וויניצע. קיין געלט האָט מען מיר אָבער ניט געגעבן בסך-הכל האָב איך באַקומען 300,000 ראַטן-רובל כמעט פאַר דער גאַנצער פּאָדאָליער גובערניע.

און אַלע אַנשטאַלטן, וואָס עס זיינען געגרינדעט געוואָרן (וויניציע, ליטין, קאַלינאָווקע, אָרינין), האָבן זיך אין דעם איבער-גאַנגס-פּעריאָד פאַרמאַכט, פון זיי איז בלויז געבליבן דער „קינ-דער-היים“, וועלכער עקסיסטירט עד היום אין פּראָסקוראָוו.

די היימלאָזע האָבן זיך געפונען אין אַ שרעקלעכער לאַגע. אין וויניצע אַליין האָבן זיך געפונען טויזנטער היימלאָזע, וועלכע מען האָט געקענט העלפן נאָר מיט אַ ברייטער הילפס-אַקציע. דער פלעק-טיפוס האָט זיך אַריינגעכאַפּט צווישן די אַנטלאָפענע און בכלל צווישן די צעראַבירטע יידן אין די קליינע שטעטלעך.

מחנות יידן האָבן זיך געוואַלגערט אין די פאַרשיידענע גע-זעלשאַפטלעכע געביידעס אין וויניצע און האָבן נאָך מערער פאַר-שפּרייט די קראַנקהייטן.

אַ סך יידן, דערהויפּט די יתומים און די אַלמנות פון די הרוגים, האָבן זיך געוואַלגערט אין די וועלדער און פלעגן בעטן נדבות ביי די פויערים, וועלכע פלעגן אַמאָל רחמנות האָבן אויף זיי און געבן זיי עטוואָס.

און דער איינציקער אַנשטאַלט, וואָס האָט יאָ פאַרמאָגט גענוג

געלט דערצו—„יעווסעקציע"—איז ניט געווען פעאיק צו אַנטוויקלען אַזאַ גרויסע הילפס־אַקציע.

איך האָב זיך געווענדט, אַלס פאָרשטייער פון „רויטן קרייץ", צו דער וויניצער „יעווסעקציע" מיט אַ בקשה, זי זאָל מיר אַנטלייען אַ מיליאָן רובל, אָן וועלכע עס איז אוממעגלעך געווען דורכפירן די אַרבעט. די אָרטיקע טוער פון „יעווסעקציע" האָבן געווען איינגעשטימט אויף דעם, נאָר דער צענטער האָט קאַטעגאָריש פאַרבאָטן אַרויסגעבן אַ הלוואה דעם רויטן קרייץ.

די רעזולטאַטן דערפון זיינען געווען, אַז בעת דער עוואַקואַציע פון יאָר 1919 האָט די „יעווסעקציע" אַרויסגעפירט מיליאָנען געלט, וועלכע זי האָט ניט באַוויזן אויסצוניצן.

אין דעמדאָזיקן פעריאָד, אין חודש יוני, האָט זיך ביים יידישן מיניסטעריום אין קאַמענעץ געגרינדעט אַ יידישער צענטראַל־קאָמיטעט פאַר די פּאָגראָם־געליטענע.

אין קאָמיטעט זיינען געווען פאַרטראָטן פאַרשיידענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע גרופּן (אַחדות, ציוניסטן, צעירי־ציון, בעלי־מלאָכות, פּועלי־ציון, פאַראייניקטער בונד און צענטראַל־ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען).

די געלט־מיטלען האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט באַקומען פון דער אוקראַאינישער רעגירונג.

דער צ. ק. האָט געאַרבעט אויף דער טעריטאָריע, וואָס איז געווען פאַרנומען מיט דעם אוקראַאינישן חייל. פאַר די פּראָסקורו־ווער געליטענע איז ספּעציעל אַסיגנירט געוואָרן 2,0000,000 גריוונעס. די פּראָסקוראָווער קהילה האָט לכתחילה ניט געוואָלט נעמען דאָס געלט פון דער אוקראַאינישער רעגירונג, וועלכער זיי האָבן געהאַלטן פאַר שולדיק אין דעם גרויסן פּראָסקוראָווער אומגליק, נאָר נאָכדעם האָט זי מסכים געווען צו נעמען דאָס געלט און שפּעטער האָט זי אַפילו גענומען נאָך געלט פון צ. ק.

# די שטימונגען פון דער יידישער באַפעלקערונג ביי דער ראַטן־מאַכט.

זומער 1919.

אין אַזא מין גיהנום איז קיין וואונדער ניט, וואָס די שטימונג ביי די יידישע באַפעלקערונג אין אוקראַינע איז געווען אין זומער 1919 אַ שרעקלעכע.

פּאָגראָמען, פּאָגראָמען און פּאָגראָמען אָן אַ סוף... און דער עיקר—ס׳זעט זיך גאָרניט קיין האָפענונג אויף בעסערס. אַ טייל פון דער אינטעליגענץ פּעקלט זיך אַריבער קיין גרויס=רוסלאַנד, אָבער דאָס איז בלויז אַ אומבאַדייטנדיקער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

און מ׳קומט ביסלעכווייז צו דער איבערצייגונג, אַז עס איז ניטאָ פון וועמען צו ערוואַרטן קיין הילף.

פון איין זייט די אוקראַינישע אַרמיי, וועלכע נוצט אויס איר אָנגריף צו־מאַכן יידישע פּאָגראָמען; דערנאָך די „פּאָווסטאַנצעס", וואָס טעראָריזירן און פּאַרטיליקן די יידישע באַפעלקערונג; און פון דער אַנדער זייט—אַ פולשטענדיקע מאַכטלאָזיקייט פון דער ראַטן־מאַכט. אין לאַנד הערשט אַ פולקומע אַנאַרכיע. און בשעת גרעסערע שטעט ווערן גאָך פיל=ווייניקער פאַרטיידיקט, זייגען די קליינע שטעטלעך לגמרי הפקר.

עס גיט זיך ניט איין אַפילו צו אָרגאַניזירן הילף פאַר די פּאָגראָם=געליטענע.

די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג איז דורכגעדרונגען מיט פּאָגראָם=שרעק.

די נערוואָזיטעט און אויסגעמאַטערטקייט נעמען אָן זייער אַ שאַרפן כאַראַקטער.

די יאוש=שטימונג כאַפּט אַרום ניט נאָר דעם יידן פון אַ גאַנצן יאָר, נאָר אויך ערפאַרענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער.

מיר איז אויסגעקומען אין יענער צייט צו גיין אויף אַ

באַראַטונג פון אָנגעזעענע יידישע כלל־טוער אין קיעוו. מען האָט זיך געפּרובט צונויפריידן וועגן דער פראַגע פון זאַמלען פאָגראָם־מאַטעריאַל און אויך באַטראַכטן די פראַגע וועגן די שולדיקע אין די פּאָגראָמען.

די שטימונג איז געווען אויף דער באַראַטונג זייער אַ געדריקטע.

— וואָס ווייסן מיר, האָט איינער געזאָגט - צי מיר וועלן איבערלעבן דעם יאָר? לאָמיר אָפדרוקן דעם מאַטעריאַל פון די פּאָגראָמען, וועט כאָטש עפּעס דערגיין צו די קומענדיקע דורות.

קיינעם האָט זיך ניט געגלויבט, אַז מען וועט איבערלעבן די פּאָגראָם־כוואַליע.

ווען מיר פלעגט אויסקומען, אַלס באַפולמעכטיקטער פון „רויטן־קרייץ״, צו פאָרן אין ראַיאָן אַריין, האָט מען זיך מיט מיר געזעגנט, פונקט ווי איך וואָלט אַוועקגעפאָרן אויף מלחמה.

און אין דערזעלבער צייט האָבן די יידישע קאָמוניסטן אָנגעהויבן פירן אַ פּאָליטיק פון העגעמאָניע אויף דער יידישער גאַס. זיי האָבן געווירקט, אַז עס זאָלן ליקווידירט ווערן די קהלות און דער „קאָמיטעט צו העלפן די געליטענע פון די פּאָגראָמען״ און פּרובירט פאַרמאַכן „יעקאָפּאָ״ (קאָפּע), ניט דערלאָזנדיק, אַז אין די קאָלעגיעס פון די יידישע סעקציעס צו העלפן די יידישע געליטענע פון פּאָגראָמען זאָלן נעמען אַן אָנטייל די יידישע סאָציאַליסטן.

עס האָבן ניט געהאָלפן די פּראָטעסטן פון די יידישע סאָציאַליסטן אויף די מיטינגען (קיין פּרעסע האָבן שוין דאַן די יידישע סאָציאַליסטן ניט פאַרמאָגט).

די יידישע קאָמוניסטן האָבן איבערגענומען אויף זיך די גאַנצע אַרבעט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג; אָבער ווייטער פון ווערטער זיינען זיי ניט געגאַנגען, מחמת זיי זיינען ניט געווען אומשטאַנד דורכצופירן אַזאַ גראַנדיעזע אַרבעט מיט אייגענע כוחות.

די לאַגע ווערט דערווייל אַלץ ערגער. עס באַקומען זיך אויך ידיעות וועגן אַנטיסעמיטישע שטימונגען צווישן געוויסע טיילן

פון דער רויטער אַרמיי, עס באַשטעטיקן זיך די ידיעות וועגן עקס־צעסן מצד דער רויטער אַרמיי.

די שטימונג פאַלט ביסלעכווייז אויך ביי די „קאָמפּאַרבאַנ־דיסטן", איבערהויפּט ביי די פּראָווינץ־טוער.

ס'הייבן אָן אָנצוקומען אומרואיקע ידיעות וועגן דעניקינס אָנגריף אויף אוקראַינע, וועלכער האָט שוין געהאַט פאַרנומען כאַרקאָוו און דערנענטערט זיך צו קיעוו.

עס שפּירט זיך, אַז די ראַטן־מאַכט אין אוקראַינע פאַלט און עס רוקט זיך אָן די פינסטערע רוסישע רעאַקציע, וואָס טראָגט מיט זיך נייע יידישע פּאָגראָמען.

די באָלשעוויקעס פאַרלירן דעם באָדן אין אוקראַינע און הייבן זיך אָן צו עוואַקואירן.

פיל „קאָמפּאַרבאַנדיסטן" באַשליסן—ניט צו עוואַקואירן זיך מיט די באָלשעוויקס און פאַרבלייבן אין פּאָדאָליע.

איך האָב זיך צו יענער צייט געפונען אין פּראָסקוראָוו, וואו איך האָב אָרגאַניזירט, אַלס פאָרשטייער פון „רויטן קרייץ", הילף פאַר דער געליטענער יידישער באַפעלקערונג.

די באָלשעוויקעס האָבן, אונטער דעם אָנגריף פון די אוק־ראַינער, וועלכע זיינען דאַן אַרויסגעטראָטן צוזאַמען מיט די גאַ־ליטשאַנער**), געמוזט פאַרלאָזן פּראָסקוראָוו.

איך און נאָך אייניקע חברים באַשליסן, נאָך לאַנגע ישוב־הדעתן, צו בלייבן אין פּראָסקוראָוו.

דער וועג צווישן פּראָסקוראָוו און זשמערינקע איז איבער־געריסן. עס איז כמעט אוממעגלעך צו פאָרן מיטן באַן, ווייל די רויטע אַרמייער טעראָריזירן יידן, איבערהויפּט אין ציווילע קליי־דער. אויסערדעם האָב איך אַ אינסטרוקציע פון „הויפּט קאָמיטעט" פון „רויטן־קרייץ" אין קיעוו—ניט פאַרלאָזן דעם ראַיאָן, ווען דאָרט וועלן אַריינקומען די אוקראַינער און זעען אָפּהיטן די אַנשטאַלטן.

---

*) די גאַליציאַנער רעגימענטן האָבן געמוזט זיך עוואַקואירן פון גאַ־ליציע אונטער דעם דרוק פון פּוילישן חייל. זיי זיינען טריין אין פּאָדאָליע און צוגעשטאַנען צו די אוקראַינער.

עס בלייבן אויך אין פראָסקוראָוו אייניקע „קאָמפּאַרבאַנד"־מיטגלידער.

אַ שווערן טאָג און אַ שווערע נאַכט האָט איבערגעלעבט די פּראָסקוראָווער יידישע באַפעלקערונג פאַר דעם אַריינקומען פון די אוקראַאינער.

די דעמאָראַליזירטע טיילן פון דער רויטער אַרמיי האָבן זיך פאַרנומען מיט רויבערייען. עס זיינען אויך געפאַלן פון זייערע הענט 2 יידישע קרבנות. פונדעסטוועגן האָבן זיך די יידן די גאַנצע צייט ניט באַהאַלטן. פאַרקערט, אַלע מאַנסבילן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון די הייזער און מחנותווייז געגאַנגען איבער די גאַסן אַ גאַנצע נאַכט.

רואיק און שטיל זיינען אין סוף אַווגוסט אַריינגעגאַנגען קיין פּראָסקוראָוו די גאַליצישע טיילן.

לויט דער אָנווייזונג פון איינ ער אַ גאַסן פרוי, האָבן די היידאַמאַקעס, וועלכע זיינען אויך אַריין אין שטאָט, דערהרגעט אַ יידישן יונגנמאַן. אין אַלגעמיין איז אָבער געוועזן שטיל.

דערווייל קומען אָן פון קאַמענעץ־פּאָד. אַגענטן פון דער „קאָנטר־ראַזוועדקע" און זוכן אין פּראָסקוראָוו קאַמענעצער יונגעלייט, וועלכע זיינען אַנטלאָפן אין יוני צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס.

איך און נאָך אייניקע חברים האָבן זיך 8 טעג באַהאַלטן אין פּראָסקוראָוו.

דערווייל דערוויסט מען זיך אין קאַמענעץ, אַז מיר געפינען זיך אומלעגאַל אין פּראָסקוראָוו, און אַ דאַנק די אָנגענומענע מיטלען דורך דאָס יידישע מיניסטעריום באַקומען מיר די מעגלעכקייט צו קומען קיין קאַמענעץ־פּאָד.

איך פאָר צוריק קיין קאַמענעץ און דאָ הייבט זיך אָן אַ ניי בלעטל געשיכטע.

אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק איז זייער רואיק. אַלע פּאַרטייע אַרבעטן. יידן מאַכן געשעפט, מען פאַרדינט געלט. דעם פּאָגראָם האָט מען שוין כמעט פאַרגעסן. מיר דוכט זיך אויס, ווי איך וואָלט קומען פון אַ אַנדער וועלט. מען בעט מיך אינפאָרמירן וועגן דער לאַגע און וועגן די שטימונגען צווישן די יידישע קרייזן פון יענעם זייט פראָנט.

איך דערצייל זיי, אז אויף יענער זייט פראָנט קוקט מען אויף די „אוקראַינער", ווי אויף „פעטליוראָווצעס"—פאָגראָמשטשי־קעס—און ווער עס קען נאָר, איבערהויפט פון דער יידישער אינטעליגענץ, טרייסלט זיך אָפּ פון זיי. צו די יידישע כלל־טוער, וואָס נעמען אַן אָנטייל אין דער אוקראַינישער רעגירונג, באַציט מען זיך מער ווי נעגאַטיוו.

נאָר אין קאַמענעץ, דערוויס איך זיך, איז גאָר אַן אַנדער שטי־מונג. אין דער צייט, וואָס איך בין ניט געווען, איז פאָרגעקומען אַ געוויסע דערנענטערונג צווישן די אוקראַינער און די יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען. אין יידישן־מיניסטעריום נעמען אַ אַק־טיוון אָנטייל „פאָלקס־פאַרטיי", „פועלי־ציון" און „פאַראייניקטער בונד". צווישן די מיטאַרבעטער זיינען פאַראַן אַ סך ציוניסטן. מען פרובירט מיך אויך צוציען צו דער אַרבעט און מען לייגט מיר פאָר אַ פּאָסטן אין יידישן מיניסטעריום. פאַר מיר איז דאָס אָבער אַלץ אַזוי פרעמד און איך זאָג זיך אָפּ צו נעמען וועלכע עס איז אָנטייל אין יידישן מיניסטעריום ביז די פאַרטיי־קאָנ־פערענץ וועט קלאָר מאַכן דעם ענין.

---

## די יידישע לאַגע אין דעם „קאַמענעצער" פעריאָד פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק.

נאָך דעם קאַמענעצער פּאָגראָם (6־3 יוני) איז די שטימונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג פון קאַמענעץ אַ לענגערע צייט געווען זייער אַ געדריקטע. דער אַקטיווער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך נאָך ניט געהאַט באַרואיקט. עס האָט געהערשט אַ שרעקלעכער טעראָר. מען האָט געכאַפּט יידן, זאָגאַר 70־יאָריקע זקנים, צו דער אַרבעט. אַז אַ ייד פלעגט, דערזעענדיק אין גאַס אַ „היידאַמאַק" מיט אַ רויטן פּראָנז אויף דעם היטעלע, פלעגט ער אים מיט גרויס פחד אָפּטרעטן דעם וועג.

פון דער פראָווינץ זיינען די ידיעות אויך ניט געווען קיין פריילעכע. איבער די וועגן האָבן געלויערט באַנדעס רוצחים און ס'איז געפערלעך געווען צו דערווייטערן זיך אויף אַ פּאָר וויאָרסט פון שטאָט.

די „קאָנטר־ראַזוועדקע" האָט געאַרבעט אויף אַלע כּלים: מען האָט אַרעסטירט אָן שום גרונד און להלוטין אומשולדיקע יידן זיינען געזעסן אין די טורמעס פון קאַמענעץ און פון דער פראָווינץ.

דערהיפּט האָט טעראָריזירט דעם יידישן עולם דער רעגי־מענט, וואָס האָט זיך גערופן — „Курень смерти"!

אַז מען פלעגט כאַפּן יידן אין גאַס, פלעגט מען זיי אַכזריות־דיק שלאָגן.

אין דעמדאָזיקן פּעריאָד האָט זייער פיל געהאָלפן אין דער שווערער לאַגע די יידישע קהילה. גאַנץ ענערגיש האָט דער פאָרזיצער פון דער קהילה ל. קליידערמאַן (אַחדות) פאַרטיידיקט די יידן פאַר דער מאַכט.

מיט דער הילף פון דעם יידישן מיניסטעריום האָט די קהילה מציל געווען פון טויט זייער פיל יידן.

קיין נאָרמאַלע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט ביי אַזאַ צושטאַנד, איז געוויינלעך ניט געווען מעגלעך.

דער פּראַכטפולער לאָקאַל פון „אַרבעטער־קלוב", די לאָקאַלן פון דער קולטור־ליגע זיינען געווען פולקום צעראַבירט און צו־רואינירט.

אַזאַ מין לאַגע האָט געדויערט, ביז עס זיינען אַוועקגעגאַנ־גען די מיליטערישע טיילן מיט זייערע „אַטאַמאַנדלעך", אין וועמעס הענט עס איז געלעגן די פאַקטישע מאַכט.

עס איז געווען אַ גוואַלטיקער ווידערשפּרוך צווישן די דע־מאָקראַטישע דעקלאַראַציעס און הבטחות פון דער נייער סאָציאַליסטישער רעגירונג — און דער ווירקלעכקייט, ווייל זי איז ניט געווען בכּוח צו ענדערן די געשאַפענע לאַגע.

די סאָציאַליסטישע קרייזן, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום

דעם נייעם „סאָציאַליסטישן קאַבינעט" *), האָבן מיט אַלע כּוחות געשטרעבט צו באַקומען די סימפּאַטיעס פון די יידישע מאַסן און זיינען אַריין אין אונטערהאַנדלונגען מיט די יידישע סאָציאַליסטן. אַ באַזונדערע אַקטיוויטעט האָבן אין דער הינזיכט אַרויסגעוויזן די לידערס פון דער אוקראַינישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי טשעכאָווסקי, מאַזעפּע, בעזפּאַלקאָ און פעדענקאָ.

כּדי צו באַרואיקן די יידישע באַפעלקערונג און איבער-הויפּט כּדי צו ערווערבן די סימפּאַטיע פון די יידישע אַרבעטער, האָט דאָס מיניסטעריום פון אַרבעט, בראש פון וועלכן ס'איז דאַן געשטאַנען בעזפּאַלקאָ, צונויפגערופן אַ מיטינג, אויף וועלכן עס זיינען אַרויסגעטראָטן אוקראַינישע סאָציאַליסטן, יידישע סאָציאַליסטן און אַ צעירי-ציוניסט.

די אוקראַינישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן גערופן די יידישע מאַסן צו אַקטיווער אַרבעט און צו אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן די שוואַרצע כּוחות.

די יידישע כּלל-טוער, וועלכע זיינען אַרויסגעטראָטן אויף דעם מיטינג, האָבן אָנגעוויזן אויף דעם שרעקלעכן טעראָר, וואָס הערשט נאָך בנוגע צו יידן.

דאַן איז אויפגעקומען דער געדאַנק צו שיקן אַ דעלעגאַציע צום פּראָזיצער פון דער דירעקטאָריע, פּעטליורע.

אין דער דעלעגאַציע האָבן אָנטייל גענומען: דער קאַמענעצער רב, אַ פאָרשטייער פון אַחדות, פון די ציוניסטן, פון די בעלי-מלאכות (פאָלקס-פּאַרטיי), פּועלי-ציון און פאַראייניקטער בונד **).
אַלע אָנטיילנעמער פון דער דעלעגאַציע האָבן אונטערגע-

*) דער נייער סאָציאַליסטישער קאַבינעט האָט זיך געבילדעט אין אָווגע אין אַפּריל 1919

**) די פאַראַנטוואָרטלעכסטע טוער פון „פאַראייניקטן בונד" זיינען אַפּגעטראָטן מיט די באָלשעוויקעס און צו דער צייט זיינען זיי נים געווען אין קאַמענעץ.

אין נאָמען פון „פאַראייניקטן בונד" איז אַרויסגעטראָטן ב—ד. נאָך דער פּאַרטיי קאָנפערענץ פון אווגוסט 1919 ווערט ער אַ פאָלקס-פּאַרטייניק. שפּעטער נעמט ער אַ אָנטייל אין דער אוקראַינישער דעלעגאַציע אין וואַרשע.

שטראָכן, אַז די יידישע באַפעלקערונג איז ניט קעגן דער אידעע פון דער „אוקראַינישער מלוכהשאַפט", נאָר די פּאָגראָמען, וואָס ווערן געמאַכט דורך דעם אוקראַינישן מיליטער האָבן געשטויסן די יידישע באַפעלקערונג אין די רייען פון די באָלשעוויקעס.

די דעלעגאַטן האָבן אויך געפאָדערט, עס זאָל אָפּגעשטעלט ווערן די בלוט=פאַרגיסונג און דער טעראָר בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג.

נאָך די אַלע שריט איז די אַטמאָספער געוואָרן עטוואָס לייכטער. יידן האָבן אָנגעהויבן פאָרן איבער די וועגן און אויף די באַנען. דאָס לעבן האָט אָנגעהייבן ווערן מער אָדער ווייניקער נאָרמאַל.

אַ געוויסע דערנענטערונג צווישן די יידישע און אוקראַינישע סאָציאַליסטישע קרייזן איז פאָרגעקומען נאָכדעם, ווי די גאַלי= צישע אַרמיי איז צוגעשטאַנען צו די אוקראַינער און מיט איר הילף פאַרנומען אַ שטיק אוקראַינע כמעט אָן עקסצעסן (פּראָסקו= ראָוו, וויניצע, בערדיטשעוו).

דאַן הייבט זיך אָן די געשיכטע „דעניקין". דעניקין פאַרנעמט קיעוו און זעצט פאָר דעם ווייטערדיקן מאַרש אויף אוקראַינע. עס הייבן זיך אָן נייע שחיטות, שוין מצד דעניקינס מיליטער, אין קיעוו און אין פאַסטאָוו.

דער קאַמף צווישן די באָלשעוויקעס און די אוקראַינער האָט זיך פאַקטיש אָפּגעשטעלט *).

די יידישע פּאָליטישע גרופן פון דעם טייל אוקראַינע, וואָס איז געווען פאַרנומען דורך די אוקראַינער, האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַקטיוויטעט.

סוף אַווגוסט איז פאָרגעקומען אין קאַמענעץ=פּאָדאָלסק די קאָנפערענץ פון „פאַראייניקטן בונד". אויף דערדאָזיקער קאָנפע= רענץ זיינען געווען פאָרגעשטעלט די פאַראייניקטע און בונד פון קאַ=

*) זע ז, 129, 1.8 Вильна Украiна, Львив

מענעץ-פּאָדאָלסק, פּראָסקוראָוו, מאָהילעוו-פּאָד., ליטין, הייסין, האָראָדאָק, יאַרמאָלינעץ און נאָך אַנדערע פּונקטן.

די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען רעזאָלוציעס וועגן דער אַל-געמיינער פּאָליטישער לאַגע און וועגן דער יידישער פראַגע. אין די רעזאָלוציעס איז געוואָרן געזאָגט, אַז די יידישע סאָציאַליסטן זיי-נען גרייט צו גיין מיט די אוקראַאינישע סאָציאַליסטן נאָר דאַן, ווען די אוקראַאינישע סאָציאַליסטן וועלן זיך קלאָר און דייטלעך אָפּטיילן פון די קליינבירגערלעכע רעאַקציאָנערע עלעמענטן, וואָס האָבן געבראַכט אַזויפיל אומגליקן אויף דער יידישער באַפעלקערונג.

דער „פאַראייניקטער בונד" האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער דיקטאַטור פון די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן מיט זייער קורצ-זיכטיקער פּאָליטיק אין אוקראַאינע געבראַכט צו אַ פולקומער רו-אינירונג פון לאַנד און האָבן צוגעגרייט אַ גינסטיקן באָדן פאַר דער קומענדיקער רעאַקציע. דער „פאַראייניקטער בונד" האָט זיך אויך אַרויסגעזאָגט קעגן דער אַנטאַנטע, וואָס שטיצט אויף דער טעריטאָריע פון דער געוועזענער רוסלאַנד אַלע רעאַקציאָנערע כוחות.

די קאָנפערענץ האָט אויך געפאָדערט, עס זאָל אָפּגעשטעלט ווערן דער פּאָליטישער טעראָר.

עס מוז געמאַכט ווערן אַ סוף צו די פּאָגראָמען און די שולדיקע, אָן אויסנאַם, מוזן באַשטראָפט ווערן, די צורואינירטע יידישע שטעט און שטעטלעך מוזן אויפגעשטעלט ווערן.

פון דעם יידישן מיניסטעריום האָט די קאָנפערענץ געפאָדערט אַז עס זאָל זיך בלויז צוהערן צו די שטימען פון דער יידישער דעמאָקראַטיע. עס איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע וועגן פאַראייניקונג. אויף דער קאָנפערענץ איז אויסגעווילט גע-וואָרן אַ הויפּט-ביוראָ, אין וועלכער עס זיינען אַריין אויך פּראָס-קוראָוו, וויניצער, מאָהילעווער און הייסינער ראַיאָנען.

נאָך דער קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון שטאָט-טעאַטער אַ פייערלעכע זיצונג. עס זיינען אַרויסגעטראָטן מיט באַגריסונגען בעזפּאַלקאָ, סאָציאַל-דעמאָקראַט, גאַליטשאַנין, און אין נאָמען פון דער „אוקראַאינישער סאָציאַליסטישער רעגירונג" האָט

ער אָנערקענט די אַרויסגעשטעלטע פאָדערונגען פון דעם „פּאַר־איייניקטן בונד".

דער יידישער מיניסטער קראַסני האָט געמאָלדן, אַז זיין מיניסטעריום וועט זיך צוהערן נאָר צו דער שטימע פון דער יידישער דעמאָקראַטיע. עס זיינען אויך אַריינגעטראָטן פאָרשטייער פון צ. ק. און פון קאָמענעצער קאָמיטעט פון דער אוקראַינישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פון צ. ק. פון די אוקראַינער סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, פון פּועלי־ציון, פון דער „דערזשאַווני אינספעקטאָר (אַ ספּעציעלער אָרגאַן אָפּצוהיטן די אָרדענונג אין דער אַרמיי), פון דער „פאָלקס־פּאַרטיי", פון קולטור־ליגע און פון די בעלי־מלאכות.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון „פּועלי־ציון". אויף דער קאָנפערענץ זיינען געווען פאָרגעשטעלט: וויניצע, פראָסקוראָוו, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, מאָהילעוו, ליטישעוו און אַנדערע.

אין דעם פּעריאָד איז אויך פאָרגעקומען אַ גובערניאַלע קאָנפערענץ פון גאַנץ פּאָדאָליע פון די ציוניסטן און צעירי־ציון. ווייער שטעלונג צו דער אוקראַינישער באַוועגונג איז אויך געווען אַ פּאָזיטיווע, נאָר דאָ האָט זיך געפילט אַ שאַרפע אָפּאָזיציע קעגן יידישן מיניסטעריום. אויף דער פייערלעכע זיצונג האָבן זיי איינגעלאַדן די רעגירונג און די פאָרשטייער פון די אוקראַינישע פּאַרטייען. געקומען באַגריסן זיינען בלויז די סאָציאַליסטן־פעדעראַליסטן (אוקראַינישע קאַדעטן).

נאָך דער קאָנפערענץ פון „פּאַראייניקטן בונד" און „פּועלי־ציון" האָבן די אוקראַינישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען געמאַכט פאַרשיידענע פּרובן צוצוציען צו דער רעגירונג פאָרשטייער פון די יידישע דעמאָקראַטישע קרייזן. קיין אַלגעמיינע שטעלונג צו דער־דאָזיקער פראַגע האָבן די יידישע דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע גרופּן ניט געהאַט. נאָר יעדערע האָט געאַרבעט אויף איר אייגענער אַחריות.

אַזוי האָבן די פּועלי־ציון גענומען פאַר זיך דעם פּאָסטן פון געהילף־מיניסטער פון אַרבעט (גאָלדעלמאַן) און די פאָלקס־פּאַרטיי — געהילפס־מיניסטער פון פאָלקס־ווירטשאַפט (סאָלאָדאַר).

אויף די מלוכה=בּאַראַטונגען, וועלכע זיינען אייניקע מאָל צונויפגערופן געוואָרן אין קאַמענעץ, אין האַרבסט 1919, האָבּן זיך בּאַטייליקט פון די יידישע פּאַרטייען: „צעירי=ציון", „פאָלקס=פּאַרטיי", „פּועלי=ציון" און „פאַראייניקטער בונד". די דאָזיקע פּאַרטייען האָבּן דעקלאַרירט אָפיציעל זייער שטעלונג צו דער „אוקראַאינישער פאָלקס=רעפּובּליק".

די „צעירי=ציון" און די „פאָלקס=פּאַרטיי" האָבּן זיך אַרויס=געזאָגט פּאָזיטיוו פאַר דער אוקראַאינישער מלוכהשאַפט.

אויף דערזעלבּער בּאַראַטונג איז אַרויסגעטראָטן דער פאָר=שטייער פון „פאַראייניקטן בונד" אין נאָמען פון זיין אָרגאַניזאַציע און אין נאָמען פון „פּועלי=ציון" און האָט בּאַטאָנט, אַז די יידי=שע סאָציאַליסטן בּאַציען זיך פּאָזיטיוו צו דער אוקראַאינישער פאָלקס=בּאַוועגונג בּכלל, נאָר נאָך דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין אוק=ראַינע, נאָך די בּלוטיקע פּאָגראָמען, קען מען פון זיי מערער איבּערגעגעבּנקייטן, ווי זיי האָבּן אַרויסגעוויזן, ניט פאָדערן; זיי האָבּן געטאָן נאָך מער ווי זיי האָבּן געקענט.



אין אַלגעמיין איז דערדאָזיקער פּעריאָד, אין משך פון חודש אַווגוסט, ווען די גאַליטשאַנער האָבּן זיך בּאַוויזן אין אוקראַינע, בּיז נאָוועמבּער (די עוואַקואַציע פון די אוקראַאינער) געווען מער אָדער ווייניקער אַ גינסטיקער און אַ רואיקער פאַר דער יידישער בּאַפעלקערונג. עס האָט זיך אָנגעהויבּן אַ געוויסע אויפלעבּונג אין דעם מסחר. יידן זיינען געפאָרן פריי אויף די וועגן און אויף די בּאַנען. די בּעלי=מלאכות האָבּן געהאַט אַרבּעט. בּיז 200 יידישע יונגעלייט און פריילינס האָבּן געאַרבּעט אין יידישן מיניסטעריום, אין צ. ק. צו העלפן די געליטענע פון די פּאָגראָמען און אין אַנדערע מיניסטעריומס.

דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע לעבּן האָט אויך אָנגעהייבּן פולסירן מיט אַ גרעסערן טעמפּ.

די פּאָגראָם=כוואַליע האָט זיך כמעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט.

קאַמענעץ־פּאָדאָלסק איז געוואָרן אַ צענטער פון גאַנצן געגנט. פון פאַרשיידענעווינקלען פון אוקראַינע, וואָס ליגט אויפן רעכטן זייט דנעפּער, האָבן אָנגעהויבן צו קומען פאַרשיידענע יידישע דעלעגאַציעס, ביטעס, פאָדערונגען א. אַז. וו.

קאַמענעץ האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט אַ סך גרעסערע פונקטן פון דעם טייל אוקראַינע: בערדיטשעוו, אומאַן (קיעווער גוב.), אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו, שעפּעטאָווקע, טעאָפּיפּאָל, פּאָלאָנאָע (וואָלינער גוב.), פּראָסקוראָוו, זשמערינקע, וויניצע, מאָהילעוו, ליטין, הייסין, בראַצלאַוו, מעדשיבאָזש, ליטיטשעוו, א. אַז. וו. (פּאָדאָליער גוב.).

ניט קוקנדיק אָבער אויף דער אויסערלעכער רואיקייט און דער פאַרהעלטענישמעסיקער אָרדענונג, האָט די אוקראַינישע און גאַליצישע קאָנטר־ראַזוועדקע ניט אָפּגעשטעלט אירע רעפּרעסיעס.

די אוקראַינישע קאָנטר־ראַזוועדקע האָט איינמאָל זאָגאַר געהאַט אַרעסטירט גאָלדעלמאַנען (געהילף־מיניסטער) אין זשמערינקע.

אין קאַמענעץ איז אויך צוויי מאָל אַרעסטירט געוואָרן דער פאָרזיצער פון הויפּט־ביוראָ פון „פאַראייניקטן בונד".

איבערהויפּט האָט די קאָנטר־ראַזוועדקע געווילדעוועט בנוגע די יידישע סאָציאַליסטן. און אין פּראָווינץ איז די לאַגע געווען נאָך ערגער, ווי אין קאַמענעץ, וואו די יידישע סאָציאַליסטן זיינען, אונטערן שוץ פון יידישן מיניסטעריום, געווען מער אָדער ווייניקער זיכער.

# דאָס יידישע מיניסטעריום אין אויגוסט-נאָוועמבער 1919

(קאַמענעצער פּעריאָד).

דאָס יידישע מיניסטעריום איז אין דעם פּעריאָד ווייט ניט געווען די אָרגאַניזאַציע, וועלכע עס האָבן זיך פאָרגעשטעלט די שאַפערס פון דער נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע אין אוקראַינע און די בויערס פון יידישן מיניסטעריום.

דאָס יידישע מיניסטעריום איז סוף-כּל-סוף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין יידישן „רויטן קרייץ״.

אַלע טוער פון יידישן מיניסטעריום זיינען כּמעט אינגאַנצן געווען פאַרנומען מיט שתּדלנות ביי די מאַכטהאָבער, כּדי צו ראַטעווען יידן פון פּאָגראָמען, גזירות, צרות, א. אַז. וו.

דאָס יידישע מיניסטעריום האָט אַ סך אויפגעטאָן, כּדי אָפּ צוהיטן די יידישע באַפעלקערונג פון פּאָגראָמען.

לויט דער איניציאַטיוו פון יידישן מיניסטעריום איז אַרויס-געגעבן געוואָרן אַ ריי אויפרופן פון דער מאַכט קעגן די פּאָגראָ-מען. דאָס יידישע מיניסטעריום האָט אויך גענומען אַ גרויסן אָנ-טייל אין שאַפן די אַזויגערופענע „מלוכה-אינספּעקטור״.

די אינספּעקטור איז אַנטשטאַנען זומער 1919 און זי האָט געהאַט אירע פאָרשטייער ביי אַלע מיליטער-טיילן.

די ראָל פון דער אינספּעקטור איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט געדאַרפט אַכטונג געבן, צי די מיליטערישע טיילן פירן זיך אויף געזעצלאַך, און ניט דערלאָזן צו קיין שום פאַר-ברעכערישע אַרויסטרעטונגען.

דאָס יידישע מיניסטעריום, באַקומענדיק ידיעות וועגן וועלכע-עס איז עקסצעסן בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג, האָט אַקטיוו רעאַגירט און פלעגט זיך ווענדן צו די אַנטשפּרעכנ-

דיקע אָרגאַנען פון דער מאַכט, זיי זאָלן אָננעמען ענערגישע מיטלען.

די פּאָגראָם-עלעמענטן אויף די ערטער, דערפילנדיק, אַז אין צענטער עקסיסטירט אַ אָרגאַן, וועלכער פאַרטיידיקט די אינ-טערעסן פון די יידן, פלעגן שוין ניט אַזוי דרייסט אַרויסטרעטן.

דאָס יידישע מיניסטעריום האָט אויך אָנגענומענע מיטלען, עס זאָלן באַשטראָפט ווערן די שולדיקע אין די פּאָגראָמען. מען דאַרף אָבער קאָנסטאַטירן, אַז דאָס לעצטע האָט זיך זייער שוואַך איינגעגעבן דעם יידישן מיניסטעריום.

די פּאָגראָם-אַטמאָספער ווערט ביסלאַכווייז אָפּגעקילט. אַזוי פאַרנעמען די אוקראַינער צום סוף זומער 1919 מיט דער הילף פון דער גאַליציישער אַרמיי אַ ריי יידישע שטעט (פּראָסקוראָוו, ווינניצע, בערדיטשעוו און אַנד.) כמעט אָן פּאָגראָמען.

די אוקראַינישע מיליטער-טיילן טרעטן נאָכדעם אָפּ (נאָ-וועמבער 1919) פון אוקראַינע, אונטער דעם דראַנג פון דעניקינען, גאַנץ רואיק און כמעט אָן עקסצעסן.

אויסער די פּאָגראָמען איז אויך געשטאַנען אַקטועל די פראַגע וועגן די ניט-געזעצלעכע מעשים מצד דער אַדמיניסטראַ-ציע בנוגע דער יידישער באַפעלקערונג.

טאָג-טעגלעך האָבן זיך געווענדט (איבערהויפּט די פאָר-שטייער פון די קלענערע שטעטלעך) מיט אָנקלאָגעס וועגן אומ-געזעצלעכע קאָנטריבוציעס, רעקוויזיציעס און פאַרפאָלגונגען. און לויט דער איניציאַטיוו פון יידישן מיניסטעריום זיינען ארויס-געגעבן געוואָרן מצד די מיליטערישע און ציווילע מאַכטן אַ ריי פאָדערונגען, וועלכע האָבן געדאַרפט רעגולירן די פראַגע.

אויסערדעם האָבן פיל יידישע שטעטלעך (לאַנצקאָרון, האָראָדאָק, ניי-אושיצע א. אַנד.) זיך געווענדט צום יידישן מי-ניסטעריום וועגן באַקומען שטיצע און פריווילעגיעס ביי די אַלגע-מיינע מלוכה-אָרגאַנען פאַר דער געליטענער יידישער באַפעלקערונג.

דאָס יידישע מיניסטעריום איז אויך געווען פאַרוואָרפן מיט בקשות פון איינצעלנע פערזאָנען, איבערהויפּט פון יידישע סאָצי-

אליסטן, וואס זיינען טעראריזירט געווארן פון דער אוקראינישער קאנטער־ראזוועדקע.

אט קומען פארשטייער־ציוניסטן פון א קליין שטעטעלע און דערציילן אזא מעשה:

„ווען די באלשעוויקעס האבן פארנומען זייער שטעטל, האבן זיי געפאדערט, עס זאל געבילדעט ווערן א רעווקאם. גע־וויינלעך, אז מע הייסט, מוז מען פאלגן. אזוי אבער ווי אין רעוו־קאם דארפן זיך געפינען אויך ארבעטער־פארשטייער, האבן זיך די קליינשטעטלשע יידן געווענדט צו איינעם אן ארבעטער, ער זאל ראטעווען דאס שטעטל און ווערן א מיטגליד אין רעווקאם. דער ארבעטער איז אריין אין רעווקאם און האט גע־טאן א סך טובות דאס שטעטל. איצט זיינען געקומען די אוקראי־נער, האבן ארעסטירט דעם ארבעטער, אלס באלשעוויק, און אים שטייט פאר א גרויסע געפאר.

דעריבער ווענדן זיך די יידן אין נאמען פון גאנץ שטעטל צום יידישן מיניסטעריום, ניט צו דערלאזן, אז מיטן ארבעטער זאל פאסירן עפעס שלעכטס".

געוויינלעך, האט אין א זעלכע פאלן דאס יידישע מיניסטע־ריום אנגענומען אלע מיטלען, צו ראטעווען די באשולדיקטע.

אין אלגעמיין האט דאס יידישע מיניסטעריום ענערגיש פארטיידיקט די יידן, וואס זיינען געווען פארמישט אין דער באלשע־וויסטישער באוועגונג.

דאס יידישע מיניעטעריום האט געפאדערט, אז די אלע יידן, וועלכע זיינען באשולדיקט אין באלשעוויזם, און קעגן וועל־כע מען האט ניט געקענט ארויסשטעלן קיין קאנקרעטע באשול־דיקונג אין א פארברעכן, זאלן ווערן באהאנדלט ווי אוקראינער וועלכע האבן גענומען א אנטייל אין דער באלשעוויסטישער בא־וועגונג, וועלכע פלעגן ניט ווערן צוגעצויגן צום געריכט, אויב זיי זיינען ניט באגאנגען קיין דירעקטן פארברעכן קעגן דער ארטי־קער באפעלקערונג.

אפגעבנדיק די גרעסטע אויפמערקזאמקייט דער פראגע פון פארטיידיקן די יידישע באפעלקערונג פון פארשיידענע פאר־

ברעכערישע עלעמענטן, האָט דאָס יידישע מיניסטעריום זייער ווינציק געקענט אויפטאָן אויף דעם געביט פון פאָלקס-בילדונג און נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג. עס זיינען אויך ניט געווען די געהעריקע גינסטיקע פאָליטישע סיטואַציעס, ביי וועלכע עס וואָלט געקענט אַנטוויקלען זיך אַ ברייטע אַרבעט אויף דעם געביט. אויסערדעם זיינען אין אַזאַ פּראָווינציעלע שטאָט ווי קאַמענעץ ניט געווען די געהעריקע קולטורעלע כוחות. מען האָט זיך ניט געקענט באַנוצן מיט די מאַטעריאַלן פון דעם יידישן מיניסטעריום, פון קיעווער פעריאָד אַזוי אַז מען האָט געדאַרפט אָנהייבן אַלץ פון דאָסניי. דער דעפּאַרטאַמענט פון פאָלקס-בילדונג האָט אין א גרעסערער אָדער קלענערער מאָס געשטיצט די עקסיסטירנדיקע יידישע שולן, געהאָלפן אויפבויען די צוראַבירטע שולן (האָראָדאָק, יאַרמעלינעץ, פּאָלאָנאָע), אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון אַ גרויסער שול-נעץ פאַר פאָלקס-בילדונג און פּראָפעסיאָנעלער בילדונג.

אַדאַנק דער הילף פון יידישן מיניסטעריום, זיינען דורך דער קאַמענעצער קולטור-ליגע אָרגאַניזירט געוואָרן „פּרעבעל-קורסן" און „לערער-קורסן". עס האָבן אויך באַקומען שטיצע אַ ריי אַנדערע אינסטיטוציעס (קינדער-גערטנער, יתומים-הייזער). אין דער פראַגע פון יידיש און העברעאיש האָט זיך דער דעפּאַרטאַמענט באַצויגן טאָלעראַנט אויך צו די העבראַישער שולן, הגם ער האָט געפאָדערט, אַז די למודים-שפּראַך זאָל זיין יידיש.

דער דעפּאַרטאַמענט פון נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג האָט דורכגעפירט וואַלן אין אַ גאַנצער ריי קהילות (ליאָנצקאָרון, סמאָטריטש, האָראָדאָק, ניי-קאָנסטאַנטינאָוו) און האָט אויפגעשטעלט די אַלטע קהילות, וואָס האָבן ניט פונקציאָנירט מחמת דעם אי-בערגאַנגס-פּעריאָד.

בכלל איז די פינאַנסיעלע לאַגע פון די קהילות אין יענער צייט געווען זייער אַ שווערע.

די גרעסטע קהילות אין פּאָדאָליע (קאַמענעץ-פּאָד., פּראָסקו-ראָוו, מאָהילעוו-פּאָד.) זיינען ניט געווען אימשטאַנד דורכצופירן אין לעבן די צוואַנגס-באַשטייערונג לויט דעם געזעץ פון 17-טן אַפּריל 1919.

דער יידישער פאַרמעגלעכער קלאַס האָט מיט אַלע כוחות גע־שטערט די דורכפירונג פון דער באַשטייערונג. אין קאַמענעץ־פּאָד. האָבן 28 רייכע יידן דערלאַנגט אַ אָנקלאָגע אויף דער קהילה (דער וועד־הפועל איז באַשטאַנען פון אחדותניקעס און ציוניסטן), אַז די באַשטייערונג איז ניט קיין געזעצלעכע, און דער קאַמענעצער קרייז־געריכט האָט אַנערקענט די אומגעזעצלעכקייט פון דער באַ־שטייערונג.

אין דעם פּעריאָד האָבן די סאָציאַליסטן כמעט ווינציק באַ־טייליקט זיך אין די קהילות. זייער אָפּט זייגען קעגן די קהילות (סמאָטריטש) אַרויסגעטראָטן אויך אַרבעטער, בעלי־מלאכות מיט די באַלעבאַטים (אחדות).

צום יידישן מיניסטעריום האָבן זיך געווענדט אַ גאַנצע ריי קהילות *) נאָך שטיצע, נאָר דאָס יידישע מיניסטעריום, ניט האָבנ־דיק קיין געלט־מיטלען, האָט זיי ניט געקענט באַפרידיקן.

בנוגע דער שפראַך־פראַגע האָט דער דעפּאַרטאַמענט פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסט־פאַרוואַלטונג געפאָדערט פון די קהלות, אַז די געשעפטפירונג זאָל זיין אויף יידיש, און וועגן דעם איז פו־נאַנדערגעשיקט געוואָרן אַ ספּעציעלער צירקולאַר **).

עס איז אייך אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ געזעץ־פּראָיעקט וועגן יידיש. לויט דעמדאָזיקן פּראָיעקט, האָט יידיש געדאַרפט אָנערקענט ווערן אַלס לימוד־שפראַך אין אַלערליי קאַטעגאָריעס שולן און אַלס אָפיציעלע שפראַך אין אַלע אָרגאַנען פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג. יידן האָבן דאָס פולקומע רעכט זיך באַ־נוצן מיט זייער שפראַך. פאַר עובר זיין אויף דעם געזעץ (ניט לאָזן ריידן אויף יידיש) האָט געקומט שטראָף (טורמע).

חוץ דעם האָט דאָס יידישע מיניסטעריום פאַרנומען זיך מיט געבן הילף די פּאָגראָם־געליטענע, און צו דעם צוועק איז ביים

*) פּראָסקוראָוו, קאַמענעץ־פּאָד., קהילה־פאַרבאַנד פון מאָהילעוו־ערקריוו, זוויניצער, אַלט־קאָנסטאַנטינאָווער, בערדיטשעווער און נאָך אַ סך אנדערע.

**) זע ביילאַגע נומ. 4.

מיניסטעריום געבילדעט געוואָרן אין זומער 1919 אַ צענטראַל־קאָמיטעט. אין צ. ק. זיינען געווען פאָרגעשטעלט אַלע יידישע פאַרטייען (אחדות, ציוניסטן, צעירי־ציון, פאָלקס־פאַרטיי, פועלי־ציון, פאַראייניקטער בונד). די אַרבעט לטובת די פאָגראָם־געליטענע האָט זיך פאַרטאָמאַזירט, ווייל דער צ. ק. איז ניט געווען אימשטאַנד דורכצופירן די שווערע אויפגאַבע. דאַן איז דער צ. ק. פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פריוואַטער אָרגאַניזאַציע. ביים יידישן מיניסטעריום האָט זיך געבילדעט אַ ספּעציעלע קאָלעגיע.

כדי צו פאַראייניקן די טעטיקייט פון פאַרשיידענע דעפּאַרטאַמענטן האָט ביים יידישן מיניסטעריום עקסיסטירט אַ ראַט, וואו ס'זיינען באַטראַכט געוואָרן פּרינציפּיעלע און מער וויכטיקע פראַגען. אין די זיצונגען פון ראַט האָבן אָנטייל גענומען: דער יידישער מיניסטער קראַסני (פאָלקס־פאַרטיי), דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פון אַלגעמיינע ענינים (פאָלקס־פאַרטיי), דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פון פאָלקס־בילדונג (אַ ראַדניק, פועלי־ציוניסט ח' צ.). איך, אַלס שטעל־פאַרטרעטער פון דירעקטאָר פון דעפּאַרטעמענט. פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג (פאַראייניקטער בונד) און נאָך אַ ראַדניק (פאַראייניקטער בונד). עס האָט זיך באַקומען אַזאַ סיטואַציע: אין ראַט זיינען געווען 2 שטימען רעכטע (פאָלקס־פאַרטיי), 2 לינקע (פאַראייניקטער בונד) און איינע אַ פועלי־ציוניסטישע, וועלכע האָט געדאַרפט געבן דעם איבערוואָג.

די „פועלי־ציון" האָבן דאָס רוב געשטימט מיט דעם „פאַראייניקטן־בונד", נאָר אָפּטמאָל, דערהויפּט בשעת עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגן אַ קאָמפּראָמיס מיט די רעכטע יידישע פאַרטייען, האָט פועלי־ציון געשטימט מיט פאָלקס־פאַרטיי.

אין אַלגעמיין איז דאָס יידישע מיניסטעריום געווען פּאָפּולער צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. אין אַלע שווערע מאָמענטן האָבן זיך יידן גלייך געווענדט צום יידישן מיניסטעריום.

פאַרשיידן אָבער איז געווען די שטעלונג צום מיניסטעריום פון באַזונדערע פּאָליטישע גרופּן.

„פועלי־ציון" און „פאָלקס־פאַרטיי" האָבן די גאַנצע צייט

זיך באַצויגן פּאָזיטיוו צום יידישן מיניסטעריום און אַקטיוו אים אונטערגעהאַלטן. די „פאַראייניקטע" און „בונד" האָבן אין דער פראַגע זיך געוואַקלט און ערשט נאָך דער קאָנפערענץ פון אַוו־גוסט 1919 אין קאַמענעץ־פּאָד. איז זייער שטעלונג געוואָרן מער אָדער ווייניקער באַשטימט. די יידישע סאָציאַליסטן האָבן זיך אין דעמדאָזיקן פעריאָד געפונען אין אַ באַזונדערער לאַגע.

אַרויסטרעטנדיק פון די קהילות און אָפּגרעניצנדיק זיך פון די רעכטע יידישע גרופּן, זיינען אָבער די יידישע סאָציאַליסטן אויך ניט מיטגעגאַנגען מיט די באָלשעוויקעס און נאָך דעם אַוועק־גיין פון דער ראַטן־מאַכט פון אוקראַיִנע (האַרבסט 1919) זיינען זיי געוועזן פולקום איזאָלירט און שרעקלעך טעראָריזירט מצד די פאַרשיידענע „קאָנטר־ראַזוועדקעס" „דעפּענסיוועס". און דאָס יידישע מיניסטעריום, וועלכע איז פון דעם ערשטן טאָג אָן פון זיין עק־סיסטענץ געוועזן פאַרבונדן מיט די יידישע סאָציאַליסטן, האָט זיי גערופן צו זיך און האָט זיי פאַרטיידיקט.

עס האָבן זיך אויך געווענדט צום יידישן מיניסטעריום פאַרשיידענע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס נאָך שטיצע*).

אַזוי איז, נאָך דעם אַוועקגיין פון דער ראַטן־מאַכט, דאָס יידישע מיניסטעריום געוון דאָס איינציקע אָרט, וואו די יידישע סאָציאַליסטן האָבן געקענט פריי אָפּעטעמען. אין יידישן מיניס־טעריום האָבן אויך געאַרבעט אייניקע עקסטרע לינקע עלעמענטן.

די ציוניסטן און די צעירי־ציון האָבן געפירט אַ קאַמפּאַניע קעגן דעם יידישן מיניסטעריום, טענהנדיק זייער אַלטע טענה נאָך פון קיעוו, אַז די לינקע האָבן פאַרכאַפּט דעם מיניסטעריום, כאָטש צווישן די מיטאַרבעטער פון יידישן מיניסטעריום זיינען געוועזן אַ סך ציוניסטן, און זאָגאַר אחדותניקעס.

אונטער זייער ווירקונג האָט די קאַמענעצער קהילה, וואו די יידישע סאָציאַליסטן האָבן ניט גענומען קיין שום אָנטייל, גע־

*) זע ביילאַגע נום. 5.

שיקט אַ דעלעגאַציע צו דער אוקראַינישער רעגירונג מיט דעם ציל צו קאָמפּראָמעטירן דאָס יידישע מיניסטעריום.

די דעלעגאַציע האָט אָנגעוויזן אויף דעם, אַז די גרעסטע מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז קעגן מיניסטעריום, ווייל ער איז ניט קיין געקליבענער, און אַז קיינע געזעצן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער יידישער באַפעלקערונג, קענען ניט אַרויסגעגעבן ווערן דורכן יידישן מיניסטעריום; זיי האָבן אויך באַטאָנט, אַז זיי, ד. ה. די ציוניסטן, שטעלן מיט זיך פאָר די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג.

צווישן די מיטאַרבעטער פון יידישן מיניסטעריום זיינען געווען פיל ציוניסטן, און זאָגאַר אחדותניקעס.



# די צווייטע גסיסה פון דער אוקראַינישער פאלקס-רעפּובליק.

דעניקינס אַרמיי, בשעת איר גרויסן אָנגריף, וועלכער איז געווען כמעט ספּעציעל געווענדט קעגן די באָלשעוויקעס, האָט זיך צום סוף אַווגוסט 1919 יאָר צוזאַמענגעטראָפן מיט די אוקראַינער אין קיעוו. דעניקין האָט זיך מיט די אוקראַינער ניט געוואָלט פאַרשטענדיקן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה צווישן ביידע אַרמייען.

די באָלשעוויקעס, אונטער דעם דרוק פון דעניקינען, האָבן כמעט אָן אַ ווידערשטאַנד פאַרלאָזן דעם רעכטןברעג דניעפּר (פּאָדאָליע, וואָלין און אַ טייל קיעווער גוב.).

די דעניקינצעס האָבן אָנגעהויבן אַטאַקירן דעם אוקראַינישע חייל. אין דערזעלבער צייט האָבן זיך אָפּגעשטעלט (אָן אַ אָפּמאַך, פון זיך אַליין) די שלאַכטן צווישן די אוקראַינער און די באָלשעוויקעס. דער קאַמף איז נאָר געגאַנגען צווישן דעניקינס חייל און די באָלשעוויקעס און צווישן די אוקראַינער און דעניקינען די לאַגע פון דער אוקראַינישער אַרמיי איז געווען זייער

אַ קריטישע. זי האָט ניט געהאַט קיין אַמוניציע, ניט קיין אַפּראָוויזאַציע. דער טיפוס האָט אויסגעלייגט טויזנטער פון דער אוקראַיניש=גאַליצישער אַרמיי.

און זי איז אָפּגעטרעטן פאַר באַדייטנד קליינע כוחות פון דעניקינס חייל.

אין נאָוועמבער האָבן זיך פאַרשפּרייט אין קאַמענעץ=פּאָד. קלאַנגען, אַז די הויפּט=קוואַרטיר פון דער גאַליצישער אַרמיי, וועלכע האָט זיך געפונען אין ווינניצע, האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דעניקינען. ווי געוויינלעך, האָט מען עס אָפיציעל אָפּגעלייקנט, נאָר גאָר אינגיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דידאָזיקע קלאַנגען זיינען ריכטיקע.

די לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן דורך דעם פאַרראַט פון די גאַליטשאַנער, איז געווען קאַטאַסטראָפאַל פאַר דער אוקראַינישער אַרמיי — און זי האָט געמאַכט אַ סוף צו דער עקסיסטענץ פון דער אוקראַינישער פאָלקס=רעפּובליק.

אין שטאָט איז די שטימונג געוואָרן זייער אַ געדריקטע. מען האָט זיך שוין אַזוי אָדער אַנדערש געהאַט צוגעוויינט צו די אוקראַינער, און מיטאַמאָל אַ נייער קיסר מיט נייע גזרות. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געשראָקן פאַר די איבערגאַנגס=מאָמענטן און פאַר דעם נייעם הערשער דעניקינען, וועלכער איז שוין געווען באַוואוסט מיט זיינע פּאָגראָמען אין קיעוו, פאַסטאָוו און אַנדערע ערטער.

די אוקראַינישע סאָציאַליסטן האָבן גענומען זוכן פּלענער צו ראַטעווען די לאַגע. נאָר עס איז שוין געווען שפּעט. זיי האָבן דורכגעלאָזט דעם פאַסיקן מאָמענט.

אָנשטאָט צו ווירקן, עס זאָל געשלאָסן ווערן אַן אָפּמאַך מיט די באָלשעוויקעס, וועלכע וואָלטן אפשר צו יענער צייט, אונטער דעם דראַנג פון דעניקינס אָנגריף, געגאַנגען אויף געוויסע הנחות*), האָבן זיך די אוקראַינישע נאַציאַליסטן געפּלאָנטערט צווישן די אינטריגעס פון דער רעאַקציאָנערער אוקראַינישער דירעקטאָריע און

*) זע ז׳ 128, 1921, Вільна Украіна Львів

דעם גאַליצישן דיקטאַטאָר פּעטרושעוויטש *).

אַפילו אויף די באַראַטונגען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן די גאַליצישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן מער פון אַלץ געזאָרגט, עס זאָל איינגעאָרדנט ווערן דעמאָנסטראַציעס מיט שאַרפע לאָזונגען קעגן דעם דיקטאַטאָר פּעטרושעוויטשן. קיין זאַכלעכע פאָרשלאָגן זיינען פון זייער זייט ניט געווען.

און אָנשטאָט די דעמאָנסטראַציעס, וועלכע האָט זיך ניט איינגעגעבן אָרגאַניזירן, איז צונויפגערופן געוואָרן אַ גרויסער מיטינג, עס זיינען אַרויסגעטראָטן די אָנגעזעענסטע אוקראַאינישע סאָציאַליסטן און זאָגאַר אוקראַאינישע קאָמוניסטן. עס איז אויך אַרויסגעטראָטן אַ פאָרשטייער פון „פּאַראייניקטן בונד”.

די אוקראַאינער האָבן זיך געקלאָגט אויף זייער ביטערן גורל און זיך געזעגנט מיט דער „זעלבשטענדיקער אוקראַאינע”.

דערווייל האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די רעגירונג פאַרלאָזט קאַמענעץ און די שטאָט ווערט פאַרנומען אויף אַ פרידלעכן אופן דורך פּאָליאַקן.

די יידישע באַפעלקערונג איז געווען פון דעם צופרידן, ווייל מען האָט מורא געהאַט פאַר עקסצעסן ביי די איבערגאַנגס-מאָמענטן און מען האָט זיך אויך געשראָקן פאַר דעניקינס חייל, טאָמער וועט ער אַריין אין שטאָט.

רואיק און שטיל איז איבערגעגאַנגען די שטאָט פון דער אוקראַאינישער מאַכט צו די פּאָליאַקן.

צווישן די יידישע סאָציאַליסטן איז געוואָרן אַ טומל. לכתחילה האָט אַ גרויסע טייל פון זיי באַשטימט מיטפאָרן מיט דעם יידישן מיניסטעריום, נאָכדעם אָבער האָבן זיי זיך איבערגעקלערט.

איך פערזענלעך האָב באַשלאָסן צו דערשלאָגן זיך צו די טיילן וואָלין, וואָס זיינען פאַרנומען דורך דעם פּוילישן מיליטער, און פון דאָרט האָב איך גערעכנט פאָרן קיין ווילנע, אין מיין היים, וואו איך בין שוין ניט געווען איבער 4 יאָר.

אַזוי ווי דער אוקראַאינישער חייל האָט זיך אויך עוואַקואירט

---

*) די העכסטע מאַכט איבער דער גאַליצישער אַרמיי האָט נעהערט פּעטרושעוויטשן, וועלכער האָט זיך אָנגערופן „דיקטאַטאָר”.

אין יענער ריכטונג, האָב איך באַשטימט מיטפאָרן מיט זיי.

3 טעג זיינען די אוקראַינער געפאָרן מיט א ספּעציעלן צוג פון קאַמענעץ ביז פּראָסקוראָוו (93 וויאָרסט). צווישן די באַאַמטע האָט זיך שוין געמערקט א שרעקלעכע דעמאָראַליזאַציע, און דעריבער איז דער באַן געגאַנגען זייער שלעכט.

דערנאָך האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט אין גרעטשאַן, 1 וויאָרסט פון פּראָסקוראָוו, און עס האָבן זיך דאָרט אָנגעהויבן באַראַטונגען פון דער רעגירונג. מיר איז שוין נימאס געוואָרן צו שלעפּן זיך און ביי מיר איז אויפגעקומען א געדאַנק צו פאַרבלייבן אין פּראָסקוראָוו און ניט פאָרן מיט די אוקראַינער ווייטער.

איך בין אַראָפּגעפאָרן קיין פּראָסקוראָוו און האָב דאָרט באַזוכט די קהילה. אין שטאָט איז געווען פאַרהעלטענישמעסיק שטיל. דער אוקראַינישער קאָמענדאַנט האָט בלויז געפאָדערט ביי די יידן, מען זאָל צושטעלן קליידער. די שטאָט האָט זיך אויך באַאומרואיקט פון דעם, וואָס מען האָט ניט געוואוסט ווער וועט פאַרנעמען פּראָסקוראָוו נאָכן אַוועקגיין פון די אוקראַינער.

אין אַזאַ מין אומבאַשטימטער לאַגע האָב איך פאַרבראַכט מיט די אוקראַינער 4 טעג. קיין זאַך איז ניט געווען אָרגאַניזירט, אַפילו וואָס צו קריגן עסן האָט יעדערער פאַר זיך געדאַרפט זאָרגן.

שבת אינדערפרי האָט זיך דער צוג גערירט. איך האָב צום אָנהייב געמיינט, אַז מיר פאָרן ווייטער, צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב שלעכט געמיינט.

די פּויערים לאָזן ניט פאָרן די פאָרשטייער פון דער „אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק" דורך אַלט-קאָנסטאַנטינאָוו, און וואָלין, און מען מוז אויסקלייבן אַן אַנדער וועג. אין דערזעלבער צייט באַקומען זיך באַאומרואיקנדיקע ידיעות, אַז דעניקין איז ניט ווייט פון פּראָסקוראָוו.

דער צוג קומט אָן פון גרעטשאַן אויף דער סטאַנציע פּראָסקוראָוו און דער עולם שמועסט, אַז מען וועט מוזן פון-דאַנען פאָרן צו דער גרעניץ, קיין וואָלאָטשיק. עס איז שוין געבליבן ניט קיין סך צייט.

מען לויפט, מען ליאַרימט, מען טראָגט אַריבער פון איי־ניקע צוגן די געלט־סומען אין דעם מיניסטאָרן־צוג. א קראַנקער מיטאַרבעטער פון יידישן מיניסטעריום קריכט אַראָפּ און פאָרט אין שטאָט אַריין. איך פערזענלעך קלער אויך אַראָפּפאָרן אין שטאָט, נאָר איך האָב מורא, איך זאָל ניט אַריינפאַלן פון איין צרה אין א גרעסערע.

דערווייל הייבט זיך אָן דער צוג צו רירן. מיט אַמאָל — טראַך, טראַך, טראַך!....

לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז מען באַשיסט עס אונזער צוג. נאָר צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינער פון דע־ניקינס חברה־לייט האָט אַוועקגעלאָזן אויף אונז א „ווילדע מאַשין" (אַ לאָקאָמאָטיוו אָן אַ מאַשיניסט), וועלכע האָט זיך צוזאַמענגע־שטויסן מיט דעם וואַגאָן, אין וועלכן איך האָב זיך געפונען.

צו גליק, איז דער וואַגאָן געווען זייער אַ שטאַרקער און האָט אויסגעהאַלטן דעם קלאַפּ — דאָס האָט מיך געראַטעוועט.

מען לאָזט איבער דעם וואַגאָן און מען פאָרט ווייטער. מען קומט אויף דער סטאַנציע וו., ניט ווייט פון וואָלאָטשיסק. די סטאַנציע געפינט זיך אין אַ נייטראַלער זאָנע, זי געהערט דערווייל קיינעם ניט: ניט די פּאָליאַקן פאַרנעמען איר, ניט די אוקראַאינער פאַרנעמען איר, דעניקין איז נאָך אויך ווייט. אויף דערדאָזיקער סטאַנציע הערשט אַ טויטע שטילקייט. מען זעט ניט אפילו קיין באַאמטע.

איך קלער זיך אַריינכאַפּן קיין וואָלאָטשיסק, נאָר די לאַגע איז ניט קיין פעסטע, און מ'קען ניט וויסן, וואָס יעדער שעה קען פּאַסירן, איך באַשליס צו פאָרן לויט מיין אָנגעמערקטן פּלאַן.

מען שטייגט אַרויס פון דעם צוג — און מען פאָרט שוין מיט פורן איבער יידישע שטעט און שטעטלעך און איבער דערפער.

מיר באַגעגענען די אוקראַאינישע סאָלדאַטן. איך קוק זיך צו צו זייערע ווילדע פּנימער; זיי גייען אָפּגעריסען, באָרוועס, הונגעריקע און האַלטן זיך פאַרהעלטענישמעסיק רואיק.

איך וואונדער זיך, עס וואונדערן זיך אויך די קליינשטעטלשע יידן.

די פויערים באַציען זיך פיינדלעך צו דער מאַכט.

מיר קומען סוף־כל־סוף אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו.

אין אַ גרויסער באַלעבאַטישער יידישער שטוב האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די רעשטלעך פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפובליק: דאָרט איז געווען דער סאָציאַליסטישער מיניסטאָרן־קאַבינעט, דער צ. ק. פון די אוקראַינישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

די באַלעבאַטים פון שטוב נעמען אויף זייער פריינדלעך די אוקראַינער.

פאַרבראַכט אַ טאָג און מען פאָרט ווייטער.

עס ווערט פינסטערלעך און מען שטעלט זיך אָפּ אין אַ דאָרף. עס איז חושך און קאַלט. די פויערים לאָזן גאָרניט גערן אריין די אוקראַינער צו זיך. כמעט אין יעדער שטוב ליגט אַ קראַנקער אויף פלעק־טיפוס.

איבערגענעכטיקט די נאַכט, קוים זיך דערוואַרט, עס זאָל ווערן ליכטיק, און מיר פאָרן ווייטער.

מען קומט אין אַ קרעטשמע, ניט ווייט פון לובאַר (וואָלינער גוב.) און מען דערוויסט זיך, אַז אין לובאַר זיינען פאַראַן „פּאָווסטאַנצעס", וועלכע זיינען געשטימט באָלשעוויסטיש, און באַראַבעווען די אָפּטרעטנדיקע אוקראַינער.

אַ טייל פון די מיניסטאָרן הייבן אָן טראַכטן וועגן באַהאַלטן זיך אין דאָרף. מיין געדולד פּלאַצט. איך קלער שוין פאָרן צוריק אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו, יעדנפאַלס באַשטים איך, אויב מיר וועט זיך איינגעבן צו קומען קיין לובאַר, בשום אופן מער ניט פאָרן מיט דעם יידישן מיניסטעריום.

עס באַקומען זיך אָבער באַרואיקנדיקע ידיעות און מיר פאָרן ווייטער.

פרייטאָג צונאַכטקומען מיר אָן קיין לובאַר. די מיטאַרבעטער פון יידישן מיניסטעריום פאַרפאָרן צום געהילפס־פאָרזיצער פון לובאַרער קהילה.

צו אונז, אַלס „מיטאַרבעטער פון יידישן מיניסטעריום״, באַציען זיך די לובאַרער כלל-טוער, וועלכע האָבן אונז געקענט נאָך פון קאַמענעץ, זייער וואַרים.

לובאַר איז אַ גרויס יידיש שטעטל אין וואָלין. עס מאַכט אַ איינדרוק פון אַ קולטורעלן שטעטל, עס איז פאַראַן דאָ עלעקט-רישע באַלייכטונג. דאָ איז אויך פאַראַן אַ באַדייטנד יידיש גע-זעלשאַפטלעך לעבן, עס עקסיסטירט דאָ זאָגאַר אַ יידישע גימנאַזיע.

איך דערצייל די אָרטיקע כלל-טוער, ווי אַזוי איך און נאָך איניק חברים, וועלכע האָבן זיך געריסן אין זייער היים—בערדי-טשעוו—זיינען אַהער געקומען. מיר גיבן צו, אַז מיר ווילן מער ניט פאָרן מיט דעם יידישן מיניסטעריום.

די אָרטיקע כלל-טוער באַרואיקן אונז און ערקלערן, אַז מיר קענען בלייבן אין לובאַר, וואָס פאַר אַ מאַכט עס זאָל דאָ ניט אַריינקומען.

דערווייל האָט זיך לובאַר געפונען אין רשות פון די „פאָווי-סטאַנצעס״, באָלשעוויסטיש געשטימטע. וואָס וועט זיין ווייטער—איז שווער צו זאָגן.

פון איין זייט (אַרום טש דנאָוו) שטייען די באָלשעוויקעס און פירן אַ קאַמף מיט די דעניקינצעס, ניט פאַרטשעפענדיק די אוקראַינער. פון דער אַנדער זייט (אַלט-קאָנסטאַנטינאָוו) גרייפן אָן די דעניקינצעס; פון דער דריטער זייט (אין פאָלאָנאָע) שטייען די פאָליאַקן.

די אוקראַינישע אַרמיי און די מיניסטעריום צעפאַלן זיך. עס פילט זיך אַ סימפּאַטיע צו די באָלשעוויקעס, און באַשטימטע עלע-מענטן הייבן שוין אָן אַריבערגיין צו דער ראַטן-מאַכט. די באַאמטע דינגען פורן און פאָרן צו די באָלשעוויקעס, און מען נעמט זיי דאָרט אויף גאַנץ גערן. אַ מיליטערישע אָפּטיילונג אונטער דער פירונג פון „אַטאַמאַן״ וואָלאַך באַפאַלט די מלוכה-קאַסע, נעמט זי צו און גייט אַריבער צו די באָלשעוויקעס.

די מיניסטאָרן דערשרעקן זיך און אַנטלויפן אין אַ קליין שטעטעלע—קיין ניי-טשאַרטאָרי.

איך און נאָך איניקע מיטארבעטער טיילן זיך אָפּ פון יידישן מיניסטעריום און פארבלייבן אין לובאר.

אין שטעטל ווערט אומרואיק. קיין מאכט איז שוין פּאַק־טיש ניטאָ. די דעניקינצעס דערנענטערן זיך. די באָלשעוויקעס בלייבן שטיין אויף זייערע פּאָזיציעס. די איבערגעבליבענע רעשט־לעך פון דער אוקראַינישער אַרמיי קלייבן זיך ווייטער אין וועג, אַ טייל גיבן זיך איבער צו די פּאָליאַקן אין די הענט.

איך דינג אַ פור, וועלכע מען וויל ביי מיר מיט געוואַלט צונעמען, זעץ זיך אַוועק מיט אַ אוקראַינישן יונקער און 2 יידישע פרויען און לאָז זיך פאָרן קיין פּאָלאָנאָע, 30 וויאָרסט פון לובאר, וואו עס געפינען זיך די פּאָליאַקן.

אין פּאָלאָנאָע האָב איך געטראָפן מיינע באַקאַנטע, וועלכע האָבן מיר באַזאָרגט מיט געהעריקע פּאַפּירן, און איך לאָז מיך פאָרן קיין ווילנע.

נאָך איניקע שטערונגען, וועלכע זיינען גאַנץ נאַטירלעך ביי אַזאַ לאַגע, בין איך געקומען קיין ווילנע.

די אַלטע ווילנע, ירושלים־דליטע, האָט אויף מיר געמאַכט זייער אַ שווערן רושם. איך בין ניט געווען אין ווילנע פון 1915 יאָר אָן, און ביי מיר אין מוח האָט די גאַנצע צייט געשוועבט די געשטאַלט פון דער ווילנע, וואָס איך האָב געקאָנט אין דער צייט פון 1911־1913.

איך האָב באַזוכט די יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַ־ציעס. אומעטום הערשט אַ וויסטקייט. די ווילנער קהילה האָט אויף מיר געמאַכט ניט קיין בעסערן איינדרוק, ווי פיל אַנדערע קהילות אין אוקראַינע.

אַן אויסנאַם איז יאָ געווען — די פייערונג פון דער שול־וואָך אין ווילנע, אָרגאַניזירט דורך דער שול־אָרגאַניזאַציע.

דאָס איז געווען אַ גלענצנדיקע דעמאָנסטראַציע פון אַלץ, וואָס האָט באַשאַפן די ווילנער יידישע לערערשאַפט מיט אייגענע כוחות.

איך פאַרבלייב ניט לאַנג אין ווילנע און פאָר אין וואַרשע.

נאָך דער שטילער, האַלב אָפּגעשטאָרבענער ווילנע, מאַכט וואַר־שע אויף מיר אַן איינדרוק פון זייער אַ לעבעדיקער שטאָט. דאָרט,

אויף דער יידישער גאַס איז אויך גאַנץ פריילעך: עס שוויבלט און גריבלט מיט יידישע צייטונגען, פאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס. אין דערזעלבער צייט פילט זיך אָבער די צעבראָכנקייט און שוואַכקייט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

ביי מיר בלייבט פאָרן צוריק קיין אוקראַינע: איך קען זיך ניט אַקלימאַטיזירן אין פוילן און ליטע — עס ציט צוריק אין אוקראַינע.

איך קום אין קאַמענעץ-פּאָדאָלסק, געפין דאָרט אַלטע באַקאַנטע, — נאָר גאָר ביי אַן אַנדער סיטואַציע.

---

# אונטער דער פּוילישער אָקופּאַציע.

(סוף 1919 — יולי 1920).

שטיל איז מיטאַמאָל געוואָרן אין קאַמענעץ. איבערהויפּט האָט זיך דאָס געפילט נאָכדעם, ווי מען איז געווען אַ ביסל צוגעוויינט, אַז קעמענעץ זאָל שפּילן אַ ראָל פון אַ רעזידענץ.

אַנטשוויגן געוואָרן זיינען אויך די געזעלשאַפטלעכע קרייזן אויסער די צעירי-ציון, וועלכע האָבן עפּעס יאָ געטאָן.

אַ שווערן איינדרוק האָט געמאַכט די איזאָלירטקייט פון קאַמענעץ: פון איין זייט זיינען ביי פּראָסקוראָוו און נייאושיצע געשטאַנען די באָלשעוויקעס, פון דער אַנדער זייט גייט דער רומענישער גרענעץ.

ניט אין אַ בעסערער לאַגע האָט זיך אויך געפונען דער גאַליציישער גרענעץ. „פּשעפּוסטקעס" האָבן לייכט באַקומען נאָר ספּעקולאַנטן; כלל-טוער האָבן געמוזט אַ סך אויסשטיין ביז זיי האָבן באַקומען אַ שיין.

עס איז אָבער געווען נאָך פריש די וואונדן פון די פּאָגראָמען. די רעזולטאַטן פון די נאָר-וואָס איבערגעלעבטע געשעענישן זיינען געווען שרעקלעכע. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געגייטיקט אין גיכער און באַדייטנדיקער שטיצע.

צום אָנהייב האָט מען נאָך געוואַרט, טאָמער וועט אָנקומען פון ערגעץ הילף, מען האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז די פויליש־יידישע כלל־טוער, באַקומענדיק די מעגלעכקייט צו באַזוכן אַ טייל טערי־טאָריע פון אוקראַינע, וואו די יידן האָבן אַזויפיל געליטן, וועלן זיך געוויס גלייך באַווייזן. נאָר אומזיסט איז געווען די האָפע־נונג; עס זיינען, ווייזט אויס, ניט געווען קיין בעלנים צו פאָרן קיין אוקראַינע.

אַ געוויסע אויפלעבונג האָט מיטגעבראַכט דאָס קומען פון אַ אַמעריקאַנער דעלעגאַט ב—ר. ער האָט מיטגעווירקט עס זאָל רע־סטאַווירט ווערן דער קאָמיטעט צו העלפן די פּאָגראָם־געליטענע.

צופעליק האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוויסע פּאָליטישע אַרבעט,— נאָר בלויז אויף אַ קורצער צייט.

עס זיינען זיך צונויפגעקומען אין קאַמענעץ אוקראַינישע און יידישע סאָציאַליסטן -- און עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַראַ־טונגען. די שטימונג האָט זיך ביי אַלעמען אַ קער געטאָן אויף לינקס. מען האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן איבערבויען די גרונט־פּרינציפּן פון דער „אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק". עס איז אויפ־געשוואומען גאַנץ ערנסט די פראַגע וועגן ליקווידירן די דירעקטאָריע.

דערהויפּט האָבן דידאָזיקע פאָדערונג אין אַ קאַטעגאָרישער פאָרם אונטערגעהאַלטן די יידישע סאָציאַליסטן.

די באַראַטונגען זיינען איבערגעריסן געוואָרן אויף אַן אָרי־גינעלן אופן. עס האָבן זיך פלוצלונג אָנגעהויבן אַרעסטן צווישן די אָנטיילנעמער פון דער באַראַטונג. צום אָנהייב האָט מען אַרעסטירט די אוקראַי־ישע סאָציאַליסטן־מיניסטאָרן; זיי האָט מען גלייך אַרויסגעלאָזן, און מען האָט זיך גענומען צו די יידי־שע סאָציאַליסטן. איניקע האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, די איבעריקע האָבן געמוזט אָפּזיצן.

און עס איז געוואָרן ווידער שטיל, און דאָס לעבן האָט ווי־דער גענומען פליסן מאָנאָטאָן. אַ געוויסע אויפרודערונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג האָט אַרויסגערופן די ידיעה וועגן דעם באַשלוס פון „סאַן־רעמאָ"

די ציוניסטן האָבן באַשטימט צו באַצייכנען דעם אַקט פון „סאַן=רעמאָ" מיט אַ גרויסן יום=טוב.

די פייערונג איז געווען זייער אימפּאָזאַנט. אויפן האַרצן האָט זיך אָנגעקליבן אַזויפיל פּיין, אַזויפיל איבערלעבונגען, אַז עס האָט געזוכט אַן אָרט, וואו אויסצוגיסן זיך. די פּוילישע אַדמי=ניסטראַציע האָט ניט געמאַכט קיין שום שטערונגען.

נאָך מיט אַ טאָג פאַר דעם זיינען אַלע יידישע הייזער געווען דעקאָרירט. אַלע בירגערלעכע פּאַרטייען (פאָלקס=פּאַרטיי אויך) און פּועלי=ציון האָבן גענומען אַן אָנטייל אין יום=טוב.

עס איז געווען אָרגאַניזירט זייער אַ גראַנדיעזע מאַניפעס=טאַציע. פאָראויס זיינען געריטן צענדליקע יונגעלייט אויף פערד, אַ סך זיינען געפאָרן אויף וועלאָסיפּעדן.

עס האָבן גענומען אַ אָנטייל אין דער מאַניפעסטאַציע אַ סך טויזנטער יידן פון קאַמענעץ און פון די אַרומיקע שטעטלעך, צווישן זיי: דער ראַבינאַט, בעלי=מלאכות, קליינע קרעמער, סוחרים, פּרויען=אָרגאַניזאַציעס, גימנאַזיסטן, סטודענטן, שילער פון פאָלקס=שולן און פאַרשיידענע פּאַרטייען.

מ'האָט איינגעאָרדנט 2 מיטינגען, אין גאַס און אין שטאָט=טעאַטער. עס זיינען אַרויסגעטראָטן מיט באַגריסונגען — דער פאָרשטייער פון דער „אוקראַינישער פאָלקס=רעפּובליק", אַ פאָרשטייער פון דער פּוילישער מאַכט און אַ סך פאָרשטייער פון אויסלענדישער מיסיע.

עס איז אויך אַרויסגעטראָטן דער יידישער מיניסטער, וועלכער איז נאָר=וואָס געהאַט געקומען פון דער באָלשעוויסטישער געפענגעניש *).

אין אַלגעמיין איז דערדאָזיקער פּעריאָד געווען אַ רואיקער און אַ שטילער פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פון די אָקופּירטע טיילן פון פּאָדאָליע און אויך פון די ווייטערדיקע פּאָוויאַטן. נאָר אין פרילינג 1920 היבן אָן דעניקינס חייל אָפּצוטרעטן פון אוק=

*) קראַסני איז געווען אַרעסטירט דורך די באָלשעוויקעס. זיי האָבן אים נאָכדעם אַרויסגעלאָזן און אויך ערלויבט אים צו באַזעצן זיך אין בערדיטשעוו. נאָכדעם ווי בערדיטשעוו איז פאַרנומען געוואָרן פון די פּוילן, איז ער געקומען אין קאַמענעץ=פּאָד.

ראַינע דורך פאָדאָליע און ציזאַמען מיט דעם—הייבן זיך אויך אָן נייע יידישע פאָגראָמען.

בכלל האָט פאָדאָליע אין דעמדאָזיקן פעריאָד ניט געהאַט קיין באַשטימטע מאַכט.

אַרום יאַמפאָל-מאָהילעוו האָבן זיך געפונען די רעשטלעך פון אוקראַינישן חייל.

די באָלשעוויקעס האָבן זיך געהאַלטן פאַסיוו און נאָר טייל־ווייז זיך דערנענטערט צו דער פוילישער פראָנט-ליניע; די דעמאָראַליזירטע דעניקינישע אַרמיי, וועלכע די באָלשעוויקעס האָבן געטריבן פון אָדעסער און קיעווער זייט, טרעט אָפּ אַלץ ווייטער און ווייטער. די דעניקינצעס האָבן, דורכגייענדיק די שטעטלעך פון פאַדאָליע, דורך וואַנען זיי זיינען געגאַנגען אין גאַליציע, טעראָריזירט און ראַבירט די יידישע באַפעלקערונג. זייער פיל האָט געליטן אַ קליין שטעטעלע זאַמיכאָוו (7 ווייאָרסט פון נײַ-אושיצע), וואו עס זיינען געוועזן פיל קרבנות, אַ סך הייזער זיינען פאַרברענט געוואָרן. פיל האָט אויך געליטן מאָהילעווער ראַיאָן.

די דעניקינצעס פלעגן אָנווענדן אַזעלכע פראָוואָקאַציעס.

פאַרנעמענדיק אַ שטעטל, פלעגן זיי זיך פאַרשטעלן פאַר באָלשעוויקעס.

די יידן האָבן זיך געהאַלטן פאַסיוו, און פלעגן זיך אָבער אויך ניט באַהאַלטן.

דאָס פלעגן אויסנוצן די דעניקינצעס און ראַבעווען און שלאָגן די יידישע באַפעלקערונג.

אַזאַ געשיכטע איז פאָרגעקומען אין קאַליוס (ליגט ביים דניעסטער), וועלכע האָט זיך געפונען צווישן די אוקראַיניש-פוילישע און באָלשעוויסטישע פראָנטן.

דאָרט איז אַריינגעקומען אַ געוועזענע דעניקינישע אָפּטיילונג, וועלכע איז אַריבערגעגאַנגען צו די אוקראַינער. אונטער דער אָנפירונג פון פראָלאָוו און האָט זיך פאַרשטעלט פאַר באָלשעוויקעס. די אָרטיקע יידישע באַפעלקערונג איז געבליבן גלייכגילטיק. נאָר צופעליק האַט זיך געפונען אין שטעטל אַ קאָמענעצער

אַרבעטער, אַ יידישער באָלשעוויק, ש—ר, וועלכער איז אַריין מיט זיי אין אַ געשפּרעך. זיי האָבן אים גלייך אַרויסגעפירט פון שטעטל און געשאָסן. דאָס שטעטל האָבן די דעניקינצעס צעראַבירט.

ווען די דעניקינצעס פלעגן אַריינקומען אין די ערטער, וואָס זיינען געווען פאַרנומען מיט פּאָליאַקן, פלעגט מען זיי אַנטוואָפענען און אינטערנירן אין די געפאַנגען־לאַגערס.

---

## דער קאַמענעצער יידיש־אַמעריקאַנער הילף־קאָמיטעט פאַר די פּאָגראָם־געליטענע.

די גאַנצע צייט איז קאַמענעץ מיט דעם אומגעגנט געווען אָפּגעשניטן פון דער אויסערלעכער וועלט. אין נאָוועמבער 1919, ערב דער עוואַקואַציע פון די זאוקראַאינער, האָט אַ פאָרשטייער פון קישענעווער קאָמיטעט ש—ן (ציוניסט) באַזוכט קאַמענעץ־פּאָד.

צו יענער צייט האָט שוין דער צענטראַלער הילף־קאָמיטעט זיך געהאַט אָפּגעטיילט פון יידישן מיניסטעריום, און די אַלע גרופּן, רעכטע און לינקע, וועלכע זיינען אין אים געווען פאַרטראָטן, האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ זעלבשטענדיקע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע.

די ציוניסטן, דערהויפּט די צעירי־ציון, דערשפּירנדיק אַז זיי קענען באַקומען אַ שטיצע פון אויסן, פון קישינעווער קאָמיטעט, האָבן אָנגעהויבן פאָדערן, אַז דער צ. ק. זאָל זיך בילדן ביי דער קאַמענעצער קהילה. דערצו זאָל דער צ. ק. צוזאַמענגעשטעלט ווערן אויף דיזעלבע פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות, ווי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אין קיעוו (אחדות 14 מיטגלידער, ציוניסטן־24,

צעירי־ציון — 14, פאָלקס־פּאַרטיי — 4, פּועלי־ציון—11, פּאַר־אייניקטע—12, בונד—23).

ש—ן האָט ווירקלעך געבילדעט אַ צענטראַלן הילף־קאָמיטעט מיט אַ געזיכערטער מערהייט ביי דער קאַמענעצער קהילה.

די סאָציאַליסטן האָבן באַשלאָסן אין דעמדאָזיקן צ. ק., וואָס ווערט געבילדעט ביי דער קהילה, ניט אַריינטרעטן, און פאָרזעצן די אַרבעט אין אַ זעלבשטענדיקן קאָמיטעט.

אַזוי האָבן זיך געבילדעט אין קאַמענעץ־פּאָד. 2 קאָמיטעטן: איינער אַ זעלבשטענדיקער, מיט אַ דעמאָקראַטישער מערהיים, דער צווייטער ביי דער קהילה — מיט אַ ציוניסטישער מערהייט. דער ערשטער האָט געהאַט טראַדיציעס אין דער אַרבעט (אָנגעזאַמעלטע מאַטעריאַל), דעם געהעריקן אַפּאַראַט; און דער אַנדערער — די ווירקונג אויף אויסלאַנד און געוויינלעך, אויך די מעגלעכקייט צו באַקומען די געהעריקע געלט־מיטלען.

אין יאַנואַר 1920 איז פון בוקאַרעשט געקומען ב—ר, דער ערשטער אַמעריקאַנער פאָרשטייער. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ גרויסע סומע געלט פאַר אוקראַינע (אַרום אַ מיליאָן רומעניש לייען און אייניקע הונדערט טויזענט צאַרישע רובל) און האָט געמאָלדן אין אַ קאַטעגאָרישער פאָרם, אַז די געלט וועט ער איבערגעבן נאָר דאַן, ווען דיביידע קאָמיטעטן (דער דעמאָקראַטישער און דער יואָס ביי דער קהילה) וועלן זיך פאַראייניקן.

די מורא, אַז דער רייכער „פעטער" קען אַוועקפאָרן און ב ט איבערלאָזן די געבראַכטע סומען — האָט געווירקט: עס איז סוף־כל־סוף געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס־קאָמיטעט אויף דעם פאָלגענדיקן אופן.

אין קאָמיטעט זיינען אַריין 9 פאָרשטייער פון לינקס (צו 3 פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, פון פּועלי־ציון און פון פאַראייניקטן בונד), 9 פאָרשטייער פון רעכטס (צו 3 פון אחדות, פון די ציוניסטן און פון די צעירי־ציון) און 3 פון דער קהילה: איינער פון רעכטן פליגל, איינער פון לינקן און איינער פון צענטער (צעירי־ציון און פאָלקס־פּאַרטיי). די לעצטע 2 גרופּן האָבן אויסגעקליבן אַ צעירי־ציוניסט, וועלכער איז אויך פון די דערמאָנטע

2 גרופן געווען פאָרגעשטעלט אין פרעזידיום. אַזוי זיינען אַריין אין פרעזידיום 3 רעכטע מיטגלידער, 3 לינקע און דער זיבע־טער פון צענטער — אַ צעירי־ציוניק.

אַזוי ווי דער פלענום האָט זיך כמעט ניט אויפגעקליבן, איז די גאַנצע אַרבעט דורכגעפירט געוואָרן דורך דעם פרעזידיום, אין וועלכן די רעכטע צוזאַמען מיט דעם זיבעטען, אַ צעירי־ציוניק, האָבן געהאַט אַ געזיכערטע מערהייט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַ די לינקע האָבן ניט ריכטיק געהאַנדעלט, פאַרלאָזנדיק זיך, אַז דער צענטער, וועלכער האָט האָט פאַקטיש געגעבן אַ איבערוואָג אין דער אַרבעט, זאָל באַ־שטיין לויט אַ אָפּמאַך צווישן פאָלקס־פאַרטיי און צעירי־ציון.

דער צעירי־ציוניק האָט די גאַנצע צייט פאַרנומען אַ אויס־געשפּראָכענע פיינדלעכע פאָזיציע בנוגע די לינקע און האָט שטענ־דיק באַקעמפט זייערע פאָרשלאָגן.

עס זיינען געווען מאָמענטן, ווען די לינקע האָבן זיך שוין געהאַט צונויפגערעדט אַפילו מיט די אחדותניקעס און מיט די ציוניסטן, נאָר עס איז אוממעגלעך געווען צו געפינען אַ אַלגע־מיינע שפּראַך מיט די צעירי־ציון אַפילו אין דער אַרבעט צו געבן הילף די געליטענע. די ערשטע צייט האָט זיך דער פרעזידיום געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז אויספירן די פּראַקטישע אַרבעט דאַרפן פּאַכלייט, וועלכע דאַרפן איינגעלאַדן ווערן, ניט רעכענענדיק זיך מיט זייער פאַרטיי־אָנגעהעריקייט.

צופעליק אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גינסטיקע פּאַכלייט, וועלכע זיינען געווען באַוואוסט מיט זייער אַרבעט, האָבן געהערט צו די לינקע גרופּירונגען. אַזוי איז על־פּי־רוב די פּראַק־טישע אַרבעט איבערגעגעבן געוואָרן די לינקע.

דאַן האָבן די צעירי־ציון אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע קעגן דעם צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַלטונג.

נאָך לאַנגע רייבונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צוצוטיילן די אַרבעט צווישן די פאַרטייען. אַזוי איז אויף דעם ערגסטן אופן אַריינגעטראָגן געוואָרן דער פאַרטיי־פּרינציפּ אין דער עצם אַר־בעט, אין אַזעלכע געביטן, וועלכע זיינען זייער ווייט פון וועלכער

עס איז פּאָליטישער פּלאַטפאָרם. (מעדיצינישע הילף, סאָציאַלע הילף).

עס האָבן זיך געבילדעט 2 צדדים, וועלכע האָבן שטענ־דיק געקעמפּט, און פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ לאַגע זיינען הונ־דערטער מיליאָנען געלט אויסגעגעבן געוואָרן אויף זייער ניט קיין ראַציאָנעלן אופן.

געוויינלעך, ביי די גרויסע סומעס געלט און ביי דער גרוי־סער צאָל קליידער און פּראָדוקטן, וואָס מ׳האָט אויסער דעם באַ־קומען, איז דאָך אויפגעטאָן געוואָרן אַ גרויסע אַרבעט.

מען האָט געעפנט אין אַ גאַנצע ריי ערטער דערנערונגס־פּונקטן פאַר קינדער (קאַמענעץ־פּאָד., קיטאַי־גאָראָד, זשוואניעץ, אַרינין, ליאָנצקאַרון, טשעמעראַוועצי, הוסיאַטין, סמאָטריטש, זאַמיכאָוו, סאָ־לאָבקאָוועצי, באַלין און אַנדערע); עס זיינען פאַרזאָרגט געוואָרן די יתומים, עס זיינען אונטערשטיצט און פאַרזאָרגט געוואָרן מיט דערנערונגס־פּונקטן עטלעכע מושב־זקנימס; אַ גאַנצע ריי פּונקטן זיינען פאַרזאָרגט געוואָרן מיט מעדיצינישע הילף, עס זיינען אונ־טערגעשטיצט געוואָרן קאָאָפּעראַטיוון און עס איז אָרגאַניזירט גע־וואָרן קרעדיט־הילף;עס זיינען אויך אונטערגעשטיצט געוואָרן שולן פון אַלערליי שאַטירונגען.

אין דער צייט ווען דער יידיש־אַמעריקאַנער קאָמיטעט האָט געאַרבעט, זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען פון דעם אָפּטרעטנדיקן דעניקינישן חייל, דערדויפּט איז געווען אַ גרויסער פּאָגראָם אין זאַמיכאָוו, וואו עס זיינען געפאַלן אַ סך קרבנות און אַ גרויסע טייל פון שטעטל איז פאַרברענט געוואָרן.

דער קאָמיטעט האָט אָרגאַניזירט אונטער דער פאָן פון „אוקראַינישן רויטן־קרייץ" אַן אָפּטיילונג פון 10 מענטשן מיט 2 דאָקטוירים און האָט זיי אַרויסגעשיקט אין דעם געליטענעם ראַיאָן. אין זאַמיכאָוו איז אויך אויפגעעפנט געוואָרן אַ קינדער־קלוב (פון אינדערפרי ביז ביינאַכט) פאַר 100 קינדער און אַ ערנערונגס־פּונקט פאַר עלטערע.

די אַרבעט איז מער אָדער ווייניקער געגאַנגען די נאָר־מאַל, אָבער אין דער גאַנצער אַרבעט פון קאָמיטעט איז ניט גע־

ווען קיין אַלגעמיינער פּלאַן, קיין אָנגעמערקטע ליניע. יעדע גרופּע האָט פּרובירט אויסנוצן דעם אַמעריקאַנער קאָמיטעט אויף איר שטייגער.

למשל, די ציוניסטן האָבן באַקומען אַ מיליאָן קאַרבאָוואַנצעס אויף אַ „גן־ילדים", וואו עס האָבן זיך געלערנט אַ סך קינדער פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן, כאָטש צום אַלעם ערשטן האָט מען געדאַרפט באַפרידיקן די בלוטיקע אינטערעזן פון די געליטענע, וואָס זיינען נאָך ווייט ניט געווען באַפרידיקט.

דאַן האָבן שוין די לינקע אָנגעהויבן פאָדערן סומען פאַר דער מוסטער־אַרבעטסשול, וואו עס האָבן זיך געלערנט נאָר אָרימע קינדער.

ווען די לינקע האָבן באַקומען די געוויסע סומע פאַר דער געזעלשאַפט „אָרט", האָבן די רעכטע אַרויסגעפאָדערט נאָך אַ גרעסערע סומע אויף דעם „החלוץ".

נאָר l'appetit vieut en mangeant—דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן.

די ציוניסטן, און איבערהויפּט די צעירי־ציון, באַמערקנדיק, אַז זיי בילדן אַ זיכערע מערהייט אין צ. ק. — האָבן אָנגעהויבן אויסנוצן די אַמעריקאַנער געלטן אויף אַזעלכע הצטרכותן, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין שום שייכות צו די פּאָגראָם־געליטענע.

אַזוי איז אַסיגנירט געוואָרן אַ געוויסע סומע געלט אויף פייערן ל"ג־בעומר, אויף דער ספּאָרט־געזעלשאַפט „מכבי".

די צעירי־ציון האָבן זיך ערנערגיש געפאָדערט סובסידיע אויך פאַר אַ מוזיקאַלישן קרייזל „קדימה". נאָר די לעצטע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט די שטימען פון די לינקע און אַן אחדותניק.

אין דערזעלבער צייט האָט די רעכטע מערהייט באַגעגנט ווייער פיינדלעך יעדן פּרוב פון לינקן פליגל, וועלכער האָט פאַרוואַלטעט מיט דער סאָציאַלער הילף, צו פאַרוואַנדלען די דערנערונגס־פונקטן אין קינדערהיימען, און שאַפן אַרום זיי אַ פּאַסיקע סביבה פון די אָרטיקע טוער.

דער סך־הכל איז געווען אַ טרויעריקער. נאָכדעם ווי עס איז פאַרמאַכט געוואָרן דער יידיש־אַמעריקאַנער קאָמיטעט און

קאַמענעץ, זיינען זיך צעפאַלן די צענדליקע קינדער־אַנשטאַלטן.

בכלל זיינען די רעכטע געווען קעגן אַ ברייטע אַרבעט אין דער פּראָווינץ.

אין פּרעזידיום פון צ. ק. זיינען געזעסן די מיטגלידער פון ועד־הפועל פון דער קהילה.

אַזוי ווי די קאַמענעצער קהילה האָט איבערגעלעבט אַ שאַרפן געלט־קריזיס. האָבן די אָנפירנדיקע רעכטע גרופּן אין דער קהילה — אָנשטאָט צו שאַפן די געהעריקע סומען אין קאַמענעץ פאָד. גופא, געפונען פאַר באַקוועמער אויסצונוצן די אַמעריקאַנער סומען.

מען האָט גענומען געלט אויף אַלע נייט־באַדערפעניש פון קאַמענעצער אַנשטאַלטן, אויף קאַמענעצער אָרימעלייט און זאָגאַר אויף אויסהאַלטן דעם אַפּאַראַט פון קאַמענעצער קהילה.

קאַמענעץ אַליין האָט באַקומען ביז 50% פון די אויסגע. געבענע סומען, בשעת ווען די שרעקלעך געליטענע ראַיאָנען, ליטינער, הייסינער און בראַצלאַווער — האָבן באַקומען לערך זייער ווינציק.

די לינקע פאָרשטייער האָבן ערנערגיש פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ פּאָליטיק פון רעכטן פליגל, און פאַר זיי האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן אַרויסטרעטן פון קאָמיטעט.

אַרויסגייענדיק אָבער פון די אינטערעסן פון די קינדער־אַנשטאַלטן, וועלכע זיינען כמעט אַלע געווען אָנגעפירט דורך דעם לינקן פליגל, האָבן זיי באַשטימט צו פאַרבלייבן אין קאָמיטעט.

די אַמעריקאַנער פאָרשטייער, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט אַראָפּקומען אין קאַמענעץ און ברענגען די געהעריקע סומען געלט, האָבן ניט אַריינגעטראָגן קיין שום פאַרבעסערונג אין דער געשאַפענער לאַגע.

פון נאָך ב—רן אָן איז פון רומעניע מער קיינער ניט געקומען.

דער ערשטער פאָרשטייער פון וואַרשעווער „דזשאוינט" איז געקומען אין קאַמענעץ אין פעברואַר 1920. ביז דעם אָפּטרעטן פון די פּאָלאַקן האָבן באַזוכט קאַמענעץ נאָך אייניקע באַפולמעכ־טיקטע און 2 מיסיעס.

עס איז זייער שווער צו קריטיקירן די אַמעריקאַנער פאַר־שטייער, איבערהויפט ווען מען פאַרגלייכט די אַרבעט, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן פאַר די אוקראַינער יידן, מיט דער אַרבעט פון די פוילישע יידן, די נאָענטסטע שכנים, וועלכע האָבן זיך אַפילו ניט באַוויזן אין אוקראַינע.

דאָך דאַרף מען באַמערקן, אַז דאָס שטרעבן פון די אוקראַי־נער צו בלייבן אויסער פּאָליטיק, זיך ניט אָנרירן אָן די פאַרטייען האָט זיי גאַנץ אָפט געצויגן צו פאַרשווייגן אַזעלכע מאָמענטן אין דער אַרבעט, וועלכע זיי האָבן ניט געדאַרפט פאַרשווייגן.

די ערשטע מיסיע איז באַשטאַנען פון מ. פיינען (ניו־יאָרק) און ריכטער פישער (טשיקאַגאָ). די מיסיע האָט פאַרבראַכט איי־ניקע טעג אין קאַמענעץ, זיך געגוי באַקאַנט מיט די אָרטיקע באַדינ־גונגען און מיטגענומען אַ סך מאַטעריאַל.

זיי און מיר—זיינען געווען צוויי באַזונדערע וועלטן.

זיי, די פאָרשטייער פון דעם נאָר־וואָס אויסגעוואַקסענעם יידישן קיבוץ; מיר, די רעשטלעך פון דער יידישער געזעלשאַפט־לעכקייט. אונטער זייערע פלייצעס שטייען די יידישע קהילות מיט זייער געוואַלדיק גרויסער יידישער באַפעלקערונג; אונטער אונז — חרוב געוואָרענע שטעט און שטעטלעך.

זיי זיינען די פרייע בירגער, וואָס פאַר זיי איז אָפן די גאַנצע וועלט, מיר קענען אין ערגעץ ניט געפינען קיין מקום־מנוחה.

—ווי לעבט איר דאָ?— האָבן זיי אונז געפרעגט.

מיר האָבן געשוויגן, ווייל וואָס קען מען אויף דעם ענטפערן: ווי מיר לעבן...

עס איז צונויפגערופן געוואָרן אַ פלענאַרע זיצונג פון צענ־טראַל־קאָמיטעט, וואו פיין און פישער האָבן געפאָדערט, אַז די קאַמענעצער יידישע פאַרמעגלעכע קלאַסן זאָלן אונטערשטיצן זיי־ערע אייגענע אָרימעלייט. פישער האָט דורכגעפירט דעם געדאַנק, אַז די אַמעריקאַנער יידן זיינען מחוייב צו העלפן די חרוב געוואָ־רענע יידישע קהילות. „פאַרוואָס אָבער דאַרפן די רייכע יידן

פון טשיקאגאָ מער זאָרגן וועגן קאמענעצער אָרימעלייט, ווי די קאמענעצער גבירים?"

אין אַלגעמיין איז פיין און פישער געווען נענטער צו דעם לינקן פליגל, אָבער אריינטראָגן קאַרדינאַלע ענדערונגען האָבן זיי ניט געוואָלט.

די צווייטע דעלעגאַציע, וואָס האָט געהאַט אזא טראַגישן סוף, איז באַשטאַנען פון פראָפ. פרידלענדער, משה כ"ץ און ד"ר. לעוו. זיי זיינען געקומען אין קאמענעץ פאַר דעם אריינגיין פון די באָלשעוויקעס. דער רעכטער פליגל, פילנדיק אַז ער קען האָבן אַ שטיצע פון אויסן, האָט אָנגעהויבן אַ שטאַרקן אָנגריף קעגן די לינקע, ווענדיק זיי אינגאַנצן באַזייטיקן פון דער אַרבעט.

די לאַגע פון דער דעלעגאַציע איז געווען זייער אַ שווערע. פון איין זייט האָט זי זיך ניט געוואָלט צעברעכן דעם קאָמיטעט. אין וועלכן עס זיינען געווען פאָרגעשטעלט פאַרשיידענע ריכטונגען פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט; פון דער אַנדער זייט האָבן די רעכטע געסטראַשעט, אַז זיי פאַרלאָזן דעם צ. ק., אויב מען וועט ניט איבערגעבן זיי די גאַנצע וויכטיקע אַרבעט. די לעצטע קאָמבינאַציע איז געווען פאַר דער דעלעגאַציע ניט-אָננעמבאַר.

די דעלעגאַטן, דערזעענדיק, אַז עס נעמט ניט קיין סוף צו די רייסערייען, האָט באַשטימט אויף אַ פּאָר טעג אָפּצופאָרן און באַזוכן דערוויל פּראָסקוראָוו און מאָהילעוו-פּאָד.

אין מאָהילעוו איז שוין דאַן פאָרגעקומען די עוואַקואַציע פון די אוקראַינער, מען האָט זיך געגרייט אויף די באָלשעוויקעס, און די דעלעגאַטן האָבן אַליין געהאַט די מעגלעכקייט צו איבערצייגן זיך, ווי אַזוי עס לעבט אין דעמדאָזיקן גהנום די יידישע באַפעלקערונג.

פאַר אונז איז דאָס שוין געווען אַ געוויינלעכע ערשיינונג; אויף די אַמעריקאַנער האָט דאָס אָבער געמאַכט אַ שרעקלעכן רושם. אין יענע מאָמענטן האָבן אויך די אַמעריקאַנער פאַרשטאַנען, אַז די הילף מוז קומען פון אינעווייניק און ניט פון קיין אויסערלעכער מאַכט.

צו יענער צייט האָט זיך די באַציאונג פון דער אוקראַיני=שער אַרמיי צו די יידן גענומען בעסערן

אין מאָהילעוו האָט זיך אין די לעצטע מינוטן פון דער עוואַקואַציע פאַרשפרייט אַ קלאַנג אַז די יידן האָבן געהרגעט אַ אוקראַינער. אין שטאָט איז געוואָרן אַ פּאַניק, נאָר אַדאַנק די אָנגענומענע מיטלען פון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע איז דער אינצידענט אַראָפּ גלאַט.

צוריק אין קאַמענעץ זיינען די אַמעריקאַנער געקומען מיט זייער אַ געדריקטער שטימונג. אונטער זייער ווירקונג האָט זיך דער רעכטער פליגל אָפּגעזאָגט פון זיין קאַטעגאָרישער פאָדערונג און אין קאָמיטעט איז געבליבן די זעלבע לאַגע, נאָר די טעג פון דעם קאָמיטעט זיינען שוין געווען געציילטע.

אין קורצן האָבן די באָלשעוויקעס פאַרנומען קאַמענעץ און האָבן ליקווידירט דעם יידיש=אַמעריקאַנער קאָמיטעט. די רעשט=לעך פון די חפצים האָבן זיי צוגענומען און צעטיילט צווישן די רויטע אַרמייער און זאַגאַר אין דאָרף צווישן די פּוערים. עס האָבן ניט געהאָלפן די באַמיאונגען פון אייניקע געוועזענע מיטגלידער פון לינקן פליגל פון צ. ק. צו ראַטעווען די זאַכן, וואָס זיינען גע=ווען באַשטימט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג.

נאָך איידער די באָלשעוויק עס האָבן איבערגענומען דעם צ. ק., איז אַ גרויסער טייל פון זיין פאַרמעגן צעטיילט געוואָרן צווישן פאַרשיידענע אַנשטאַלטן. אַ טייל פון די זאַכן איז פאַר=פאַלן געוואָרן. שוין אַפילו נאָכדעם ווי די אוקראַינער האָבן צוריק פאַרנומען קאַמענעץ*), האָט זיך ניט איינגעגעבן צו באַ=קומען אַ דין=וחשבון ניט פון די צעטיילטע זאַכן און ניט פון די געלטן, וואָס די אַנשטאַלטן זיינען געווען שולדיק דעם צ. ק. אַזוי האָבן ניט ערפילט זייערע חובות און ניט אומגעקערט דעם צ. ק. די שולדיקע סומען די קאָאָפּעראַטיוון, קרעדיט=אַנשטאַלטן און החלוץ, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די אַנשטאַלטן האָבן

*) די אוקראַינער האָבן פאַרנומען קאַמענעץ און דעם ראַיאָן אויף אַ קורצע צייט אין סעפּטעמבער 1920.

זיך זייער גענייטיקט אין געלט=מיטלען. אַן אויסנאַם האָט פאַר־געשטעלט דער אַרבעטער=קאָאָפּעראַטיוו „פּראָלעטאַרי״, וועלכער האָט אָפּגעצאָלט דאָס געלט, געגעבן אַ חשבון, כאָטש אין דער אַרבעט פון דעם יידיש=אַמעריקאַנער קאָמיטעט האָבן די סאָציאַליסטן שוין ניט גענומען קיין שום אָנטייל.

אַזוי איז געווען דער סוף פון יידיש=אַמעריקאַנער קאָמיטעט, די ניט=געלונגענע קאָאַליציע פון רעכטס און לינקס. עס זיינען געווען אַלע מעגלעכקייטן דורכצופירן אַ גרויסע אַר־בעט, עס זיינען געווען באַדייטנדיקע סומעס געלט, אין קאָמיטעט זיינען געווען 40—30 מיטאַרבעטער, צווישן זיי אייניקע ערפאַרענע — און דאָך איז זייער ווינציק אויפגעטאָן געוואָרן.

---

## דער אנגריף פון די פאליאקן אויף קיעוו.

(אפּריל־מאַי 1920).

נאָך די אַרעסטן פון די געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוער איז אין קאַמענעץ געוואָרן פולקום רואיק. קיין פּאָליטישע גרופּע האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום אַקטיוויטעט.

אין חודש אַפּריל זיינען מיטאַמאָל אָנגעקומען ידיעות, אַז די פאָרשטייער פון דער אוקראַינישער פאָלקס=רעפּובליק שליסן אַן אָפּמאַך מיט די פּאָליאַקן.

די סאָציאַליסטישע קרייזן האָבן זיך באַצויגן נעגאַטיוו צום פויליש=אוקראַינישן אָפּמאַך.

ערשטנס, זיינען די סאָציאַליסטן געווען קעגן יעדער אינ־טערווענץ פון אַ פרעמדער מלוכה אין די אוקראַינישע ענינים; צווייטנס האָבן זיי געזען אַ געפאַר אין די פונקטן פון אָפּמאַך, וואָס רירן אָן די אינטערעסן פון די פויערים; זיי זיינען אויך געווען קעגן דער באַשטימונג פון די גרעניצן און אַ פּלעביסציט און זיינען בכלל געווען קעגן געהיימען כאַראַקטער פון אָפּמאַך —

און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצורופן די פאָרשטייער־סאָציאַ־ליסטן פון דער רעגירונג.

די אוקראַינישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און סאָציאַל־רעוואָלו־ציאָנערן האָבן אָפּגערופן זייער פאָרשטייער *).

אויך האָט זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע דער פאָרשטייער פון „פועלי־ציון", גאָלדעלמאַן, וועלכער האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון געהילפס־מיניסטער פון אַרבעט.

ביים „פאַראייניקטן בונד" האָט זיך דאַן דעבאַטירט די פראַ־גע וועגן אָפּרופן זייער פאָרשטייער פון יידישן מיניסטעריום. די אָנהענגער פון פאַרלאָזן דאָס יידישע מיניסטעריום האָבן, אַחוץ די אַלגעמיינע פּאָליטישע מאָטיוון, אויך אָנגעוויזן אויף דעם מאָ־טיוו, אַז דאָס יידישע מיניסטעריום אָריענטירט זיך אַלץ מער און מער אויף רעכטס און דערנענטערט זיך צו די קהילות און צו די רעכטע פּאַרטייען, וועלכע גרופּירן זיך אַרום די קהילות. די מער־הייט האָט געהאַלטן, אַז די לאַגע פון יידישן מיניסטעריום איז גאָר אַ באַזונדערע.

נאָך לאַנגע דעבאַטן איז אָנגענומען געוואָרן, אַז דער פאָר־שטייער פון „פאַראייניקטן בונד" פ אַ ר ב ל י י ב ט אין יידישן מיניסטעריום ביז דער פאַרטיי־קאָנפערענץ, וועלכע האָט געדאַרפט פאָרקומען דעם 26־טן מאַי אין וויניצע.

צום סוף אַפּריל איז געשלאָסן געוואָרן דער אָפּמאַך צווישן פוילן און אוקראַינע — און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַקאַנ־טער אָנגריף קעגן דער באָלשעוויסטישער אַרמיי.

די פּוילישע אַרמיי האָט פאַרנומען קיעוו און אַלע אוקראַי־נישע מיניסטעריומס, צווישן זיי אויך דאָס יידישע, זיינען אַרי־בערגעפאָרן קיין וויניצע.

בראָש פון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע אין וויניצער

*) די אוקראַינער ס. ד. האָבן איינגיכן געביטן זייער באַשלוס. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן זיי אין וויניצע באַשטימט צו נעמען אַנטייל אין רעכטן קאַבינעט פון פּראָקאָפּאָוויטשן (מאַזעפּע, בעזפּאַלקאָ). בשעת זיי זיינען אַנטקעגן געפאָרן מיט די פּאַליאַקן, האָבן זיי באַשטימט אין פּראָסקוראָוו אַרויסצוגיין פון דער רעגירונג.

געגנט האָבן זיך געשטעלט די אַלט־באַקאַנטע באַנדיטן. די טע־ראָריזירטע יידישע באַפעלקערונג האָט געשוויגן און מיט שרעק און פּחד געקוקט און געוואַרט, מיט וואָס וועט זיך דידאָזיקע „חתונה" ענדיקן. קיין פּאָגראָמען זיינען אָבער אין דעם פּעריאָד ניט געווען.

די שטימונג צווישן די יידישע סאָציאַליסטן אין פּאָדאָליע איז דאַן געווען זייער ליגק.

דאָך האָט אַ באַראַטונג פון יידישע סאָציאַליסטן אין וויניצע באַשטימט, ניט צו פאַרלאָזן דאָס יידישע מיניסטעריום ביז דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ.

אין דערזעלבער צייט איז פאָרגעקומען אַ געוויסע דערנענ־טערונג צווישן יידישן מיניסטעריום און וויניצער צעירי־ציון. אין נאָמען פון גובערניאַלן קאָמיטעט פון צעירי־ציון האָט אַ דעלע־גאַציע צוגעשטעלט דעם יידישן מיניסטער קראַסנען אַ רעזאָלוצ־יע, אין וועלכער עס איז געווען געזאָגט, אַז ביי דער געשאַפע־נער סיטואַציע זיינען זיי, די צעירי־ציון, גרייט אונטערצושטיצן דאָס יידישע מיניסטעריום, אויב עס וועלן זיין פאָרגעשטעלט דאָרט אַלע דעמאָקראַטישע גרופּירונגען (?) פון דער יידישער געזעל־שאַפטלעכקייט.

אין אַלגעמיין האָט די וויניצער יידישע באַפעלקערונג זיך באַצויגן וואַרים צום יידישן מיניסטעריום. מען האָט געזען מיט־העלפן אין באַקומען פאַר אים אַ דירה, מעבל, וואוינונגען פאַר די באַאַמטע א. אַז. וו.

עס האָט זיך אָנגעהויבן באַמערקן אַ נייע ליניע: דער „פאַר־אייניקטער בונד" פאַרלאַזט דאָס יידישע מיניסטעריום און זיין אָרט פאַרנעמען די „צעירי־ציון".

אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וויניצע האָט זיך אָנגעהויבן אַ אויפלעבונג . די קהילה האָט אָנגעהויבן אַרבעטן, מען האָט זיך געגרייט צו גרינדן אַ אַמעריקאַניש־יידישן קאָמי־טעט, אין וועלכן זאָלן אַריין פאַרשיידענע גרופּן פון דער יידישער

געזעלשאַפטלעכקייט. די גויט צווישן דער פּאַראָרימטער און צע־ראַבירטער יידישער באַפעלקערונג איז געווען זייער גרויס. איבערהויפּט האָבן זיך שטאַרק געניטיקט אין הילף די שטעטלעך פון וויניצער, ליטינער און הייסינער פּאָוויאַט. עס זיי־נען אַריבער אַ סך חדשים אָן אַ שטענדיקער אָדער גאָר אָן אַ מאַכט אין די שטעט און שטעטלעך. אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט, זיינען זיי געלעגן, די קליינשטעטלשע יידן, ביי זיך אין די שטיבלעך מיט די צעבראָכענע פענסטער און געוואַרט, אפשר וועט געשען אַ נס, וואָס וועט אומבייטן זייער אומדערטרעגלעכע לאַגע. איבערלעבנדיק פאַרשיידנערליי מאַכטן, האָבן די פּאָדאָ־ליער יידן זיך מייאש געווען, אַז עס זאָל ווען עס איז געשאַפן ווערן אַ מאַכט אין אוקראַינע, ביי וועלכער זיי זאָלן זיך קענען פאַרנעמען מיט פרידלעכער אַרבעט.

זיי האָבן געהערט, אַז פון אַמעריקע זיינען געקומען דעלע־גאַטן מיט געלט, צו העלפן, און אין יעדן נייעם מענטשן האָבן זיי געוואָלט זען אַ דעלעגאַט.

איך פאָר דורך אייניקע שטעטלעך. אַ שרעקלעכע שטיל־קייט הערשט אין זיי. אַ טייל הייזער זיינען פאַרברענט, די אי־בעריקע שטייען עלדנט מיט אויסגעבראָכענע שויבן. איבערן שטעטל גייען אַרום אָפּגעריסענע יידן מיט מרה־שחורהדיקע פנימער. דערזעענדיק אַ פרעמדן מענטשן, רינגלען זיי אַרום די פור און פרעגן מיט אַ שטימע, פול מיט האָפענונג און פאַרצווייפלונג: „אפשר זייט איר א דעלעגאַט"?...

עס זיינען געקומען פיל דעלעגאַציעס פון די שטעטלעך צום יידישן מיניסטעריום און צו דער וויניצער קהילה בעטן וועגן שטיצע.

נאָר דאָס יידישע מיניסטעריום האָט ניט געהאַט קיין געלט, קיין אַמעריקאַנער פאָרשטייער האָט ניט באַוויזן צו באַזוכן ווי־ניצע, און וויניצער קהילה האָט ניט געקענט אויסהאַלטן אַפילו די פּאָר צענדליק עלנדע יתומים, וועלכע זיינען צופעליק אַריינ־געפאַלן אין וויניצע.

די יתומים האָבן זיך געוואַלגערט אין הקדש צוזאַמען מיט

אַ באַרימהאַציקער שוועסטער, וועלכע איז אויך צופעליק אַריינגעפאַלן אין וויניצע און איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון קיעוו. אַ געוויסע סומע געלט (ביז 200000 צאַרישע), מעדיקאַמענטן און מאַנופאַקטור האָט קאַמענעצער קאָמיטעט צוגעשיקט קיין וויניצע.

איך האָב אין אַ קורצער צייט אַרום פאַרלאָזן וויניצע און בין צוליב פריוואַטע אָנגעלעגנהייטן אָפּגעפאָרן קיין וואָלין.

אין יוני האב איך זיך דערוואוסט, אַז דאָס פויליש־אוקראַינישע מיליטער טרעט אָפּ. די רעשטלעך פון יידישן מיניסטעריום האָב איך געטראָפן אין פּראָסקוראָוו.

דאָרט האָב איך זיך אויך געטראָפן מיט דער יידיש־אַמעריקאַנישער דעלעגאַציע, פּראָפ. פרידלענדער, משה כ״ץ און ד״ר לעוו. מיר האָבן פאַרבראַכט אייניקע טעג צוזאַמען.

די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע האָט געהאַט אייניקע געשפּרעכן מיט דעם יידישן מיניסטער קראַסנען, אין וועלכע עס איז באַרירט געוואָרן די יידישע פראַגע אויף אוקראַינע.

די עוואַקואַציע איז זיך דערווייל געגאַנגען ווייטער. די פּאָליאַקן זיינען אָפּגעטראָטן רואיק. פאַרהעלטענישמעסיק רואיק זיינען אויך אָפּגעטראָטן די אוקראַינער, כאָטש אין אייניקע ערטער זיינען פאָרגעקומען עקסצעסן מצד די אוקראַינער (טשערטש, שאַטאווע). עס איז אָבער ניט געווען די פּאָגראָם־שטימונג פון 1919, ווען די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט יידיש בלוט.

די אוקראַינער האָבן דערפילט, אַז פּאַר זיי איז אויף לאַנגע יאָרן, אַדאַנק די פּאָגראָמען, פאַרלאָרן געגאַנגען די סימפּאַטיע פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אין דערזעלבער צייט האָבן זיי זיך אַליין איבערצייגט, נאָכדעם ווי עס איז פאַרגאָסן געוואָרן אַזויפיל יידיש בלוט, ווי שעדלעך עס זיינען די פּאָגראָמען ניט נאָר פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך פאַר זייער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. די אוקראַינער האָבן זיך גענומען ערנסטער צו באַקעמפן די פּאָגראָמען.

פון פּראָסקוראָוו זיינען אַלע מיניסטעריומס איבערגעפאָרן אין קאַמענעץ־פּאָד. אין שטאָט איז געווען פולקום רואיק. די פּאָליאַקן זיינען אָפּגעטראָטן, די מאַכט איז אַריבער אויף אַ פּאָר טעג

אין די הענט פון די אוקראַינער. מיטאַמאָל קומט אָן אַ שרעקלעכע, אונ־גלויבלעכע ידיעה — פראָפעסאָר פרידלענדער, ד״ר קאַנטאָר און נאָך אַ דריטער — אומבאַוואוסטער — זיינען געהרגעט געוואָרן אין יאַרמעלינעץ, אַ שטעטל 25 וויאָרסט פון פראָסקוראָוו, ווען זיי זיינען געפאָרן פון קאַמענעץ קיין פראָסקוראָוו.

ווי עס האָט נאָכדעם פעסטגעשטעלט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, אַרויסגעשיקט פון קאַמענעצער אַמעריקאַניש־יידישן קאָמיטעט, איז די רציחה פאָרגעקומען אויף דעם פאָלגנדיקן אופן.

י״ט תמוז, 5 יולי 1920 האָט זיך אין יאַרמעלינעץ, אַ שטעטל, וועלכע ליגט אויף דעם שאָסיי צווישן קאַמענעץ און פראָסקוראָוו, אַריינגעריסן אַ באָלשעוויסטישע אויסשפּירונגס־אָפּטיילונג. דערזעענדיק פון וויטן אַ אַווטאָמאָביל מיט מיליטערישע נעקליידטע פּערזאָנען, האָבן די רויטע אַרמייער זיי אָנגענומען פאַר פּוילישע אָפיצערן און אַלעמען דערהרגעט און מיט דעם פאַר־מעגן זיך צעטיילט.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אַראָפּגעקומען אַ באָלשע־וויסטישער באַאַמטער, וועלכער האָט געדאַרפט דורכפירן אַ אויספאָרשונג פון דער רציחה לויט אַ באַפעל פון מאָסקווע.

אין קאַמענעץ איז ביי א גרויסן עולם פאָרגעקומען אַ הספד נאָך די דערהרגעטע, אויף וועלכן עס זיינען אַרויסגעטראָטן פאָר־שטייער פון רעכטן און לינקן פליגל פון אַמעריקאַנער קאָמיטעט.

ווייט, ווייט אין אַ קליין שטעטל, — יאַרמאָלינעץ, — אָן אַ מצבה, ליגן אויף דעם בית־עולם פראָפ. פרידלענדער און ד״ר קאַנטאָר

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך רעכן צו פארלאָזן אוקראינע, עס זעגנט זיך מיט מיר ד״ר לעוו און מ. כ״ץ, וועלכע זיינען שרעקלעך צערודערט פון גרויסן אומגליק.

ד״ר לעוו פרובירט אויף מיר ווירקן, אז איך זאָל בלייבן, און געפינגט, אַז פון מיין זייט וואָלט געווען אַ זינד צו פאַרלאָזן אוקראַינע ביי אַזעלכע אומשטענדן. מיר, יידישע כלל־טוער, האָבן ניט דאָס רעכט צו פאַרלאָזן אין אַזעלכע מאָמענטן די יידישע באַפעלקערונג.

נאָך לאַנגע וואַקלונגען און איבערקלערונגען פון פאַרשיי־דענע שטאַנדפונקטן באַשליס איך צו פאַרבלייבן אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

מיר גייען ווידער צו די אוקראַינער — און ס׳הייבן זיך ווידער אָן די אַלטע באַקאַנטע געשפּרעכן וועגן אָפּהיטן דאָס לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג ....

די אוקראַינער פאַרלאָזן רואיק קאַמענעץ־פּאָדאָלסק און אין שטאָט קומען ווידער אַריין — נאָך אַ יאָריקער הפסקה — די באָלשעוויקעס.

---

# ווידעראמאל באלשעוויקעס אין פאדאליע.

(זומער 1920).

נאָך פאַר דעם אַריינגיין פון די באָלשעוויקעס אין קאַמע־נעץ און אין אומגעגנט האָבן זיך געטראָגן פאַרשיידענע קלאַנ־גען וועגן די קאָמוניסטן. אייניקע האָבן געזאָגט, אַז די באָלשע־וויקעס זיינען גאָרניט די, וועלכע זיינען געווען אין קאַמענעץ אין 1919 יאָר; אַז זיי רעכענען זיך גאָרניט מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג, אַז זיי ראָטן אויס בפועל־ממש דעם גאַנצן סוחרישן קלאַס, אַז ביי זיי הערשט דער עיקר די „טשרעזוויטשאַיקע״ א. אז. וו.

אַנדערע, פאַרקערט, האָבן דערציילט, אַז די לעצטע צייט האָבן די באָלשעוויקעס געענדערט זייער עקסטרעמע טאַקטיק און זיי פּאַסן זיך צו צו די אָרטיקע באַדינגונגען.

אַלנפאַלס, האָט דאָס מאָל די יידישע באַפעלקערונג זיי באַגעגנט גאַנץ קאַלט. עס איז שוין ניט געווען דער ענטוזיאַזם פון יאָר 1919. מען האָט געוואַרט, ווי וועט זיך רעקאָמענדירן די נייע מאַכט.

און די באָלשעוויקעס האָבן זיך טאַקע גענומען צו דער „אַרבעט". ווי פרעמדע אין אַ פרעמד לאַנד, זיינען זיי דאָס מאָל געקומען אין פאָדאָליע און האָבן אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען ווי אָקופּאַנטן. אַלץ איז געווען צוגעגרייט פון פריער, אַלץ איז געווען דיקטירט פון אויבן.

זייער סיסטעם פון רעגירן איז געווען זייער אַ איינפאַכע. בראש איז געשטאַנען די פּאַרטיי — קאָמוניסטן (פאַרקאָם) מיט אַ נאָמינירטן קאָמיטעט פון צענטער. צו ווערן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז געווען גאַנץ שווער. אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלן זיינען געווען פאַרנומען מיט באַאַמטע, צוגעשיקטע פון צענטער. דער פאָרזיצער און די מיטגלידער פון „רעווקאָם" זיינען געווען באַשטימט אָדער פון די אַריינקומענדיקע מיליטערישע טיילן אָדער פון צענטער.

גלייך ווערט פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי דעקרעטן, וועלכע זיינען שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן אין צענטער אין אַ משך פון פיל חדשים, און שטעלן דערמיט די באַפעלקערונג אין אַ באַזונדער שווערער לאַגע.

די אָרטיקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, די אַרבעטער-קאָאָפּעראַטיוון, אַרבעטער-קלובן און אַרבעטער-טוער האָבן ניט געקענט אַרויסווייזן די קלענסטע איניציאַטיוו. דער אַרבעטער-קלוב, וואָס האָט געציילט ביז 600 מיטגלידער, פון פאַרשיידענע שאַטירונגען, און וועלכער איז צערואינירט געוואָרן פון די אוקראַינער אין 1919, איז געבליבן פאַרמאַכט. די אַלע באַמיאונגען פון פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער-קלוב צו עפענען אים האָבן צו גאָרנישט געבראַכט. די באָלשעוויקעס האָבן פּראָיעקטירט צו גרינדן

אַ קאָמוניסטישן אַרבעטער-קלוב, דעריבער זיינען זיי געווען קעגן אַ אינטערפּאַרטייאישן אַרבעטער-קלוב, וואו זיי וואָלטן געשפּילט ניט קיין באַדייטנדיקע ראָל.

קיין טעראָר אָבער בנוגע די ניט-קאָמוניסטישע עלעמענטן האָבן די באָלשעוויקעס ניט אָנגעווענדט. ביסלעכווייז הייבן אָן אַרבעטן די ציווילע און די מיליטערישע „טשרעזוויטשאַיקעס", וועלכע טראָגן דעם נאָמען „באַזונדערע אָפּטיילונג" (Особый Отдел)—און מיטאַמאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן דערוויסן מיר זיך, אַז אין קאָמענדץ האָט מען געבראַכט 16 מאָהילעווער ציוניסטן, צווישן זיי י—קי (פאָרזיצער פון מאָהילעווער קהילה-ראַט), צעירי-ציוניסטן מיט זייער קאָמיטעט, דעם מיטגליד פון קהילה-ראַט ב. און אַרבעטער פון החלוץ.

די דאָזיקע ציוניסטן באַשולדיקט מען אין אין קאָנטער-רעוואָלוציע, דעזערטירעריי, באַהאַלטן געווער א. אַז. וו. די טעג דאַרף איבער זיי פאָרקומען דער געריכט אין מיליטערישן רעוו.-טריבונאַל*) ביי דער N דיוויזיע.

די יידישע סאָציאַליסטן האָבן זיך גלייך פאַראינטערעסירט מיט דעם ענין און אַדאַנק די אָנגענומענע מיטלען, האָט מען גלייך באַזאָרגט אַ גאַנצע ריי אַדוואָקאַטן, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרטיידיקן די ציוניסטן. צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיינע אַדוואָקאַטן און קיינע פאַרטיידיקער וועלן ניט דערלאָזן ווערן.

די לאַגע איז געוואָרן זייער ערנסט. מיט אַ טאָג פריער האָט מען דערשאָסן 3 יידישע אַרבעטער אַלס דעזערטירן, ווייל זיי האָבן זיך ניט גלייך געשטעלט צו דער פאַראָרדנטער מאָביליזאַציע. מיר האָבן אויך באַקומען ידיעות, אַז דער „רעווטריבונאַל" קלייבט זיך פאַרוואַנדלען דעמדאָזיקן פּראָצעס פון די „16 ציוניסטן" אין אַ סענסאַציאָנעלן פּראָצעס פון אַ „אויפגעדעקטער און געפונענער יידישער קאָנטררעוואָלוציע".

---

*) רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל, אויסעראָרדנטלעכער געריכט, אַ מין פעלד-געריכט.

די קאָמענעצער ציוניסטן און צעירי-ציוניסטן האָבן זיך אײַנ-גאַנצן פאַרלאָרן. בלויז אייניקע פון זיי האָבן נאָך אַרויסגעוויזן אַ ביסל אַקטיוויטעט.

די יידישע סאָציאַליסטן האָבן זיך ענערגיש גענומען צו פאַרטיידיקן די מאָהילעווער ציוניסטן.

דירעקט האָבן מיר ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו ריידן מיט די, פון וועמען עס איז אָפּגעהאַנגען דער גורל פון די אַרעס-טירטע, און מיר האָבן זיך געווענדט צו די יידישע קאָמוניסטן. מיר האָבן זיי אויפגעוויזן, אַז עס איז פּשוט לעכערלעך צו באַ-שולדיקן אין קאָנטררעוואָלוציע מענטשן, וועלכע מיר קענען אַלע זייער גוט פאַר לאָיאַלע, וואָס האָבן אַליין געראַטעוועט פון טויט אַ סך באָלשעוויקעס יידן.

די אוקראַינער פּאָגראָמשטשיקעס מאַכן אַלע יידן פאַר באָלשעוויקעס און אויף דעם גרונט קומען פאָר די גרעסטע שחיטות; איצט ווילן די רוסישע באָלשעוויקעס פאַרוואַנדלען אַלע יידן אין קאָנטררעוואָלוציאָנערן — און דער אַנטיסעמיטיזם וועט ווידער געפינען אַ גינסטיגן באָדן.

די אָרטיקע יידישע קאָמוניסטן, דאַרף מען מודה זיין, האָבן זיך ערנסט פאַראינטערעסירט מיט דער פראַגע — און האָבן אַלץ געטאָן, כדי צו ראַטעווען די אַרעסטירטע. ס'איז שווער געווען וואָס עס איז אויפצוטאָן, צוליב דער אייגנאַרטיקער מאַכט-קאָמפּע-טענץ פון דעם „רעוו-טריבונאַל".

די גאַנצע מאַכט געהערט דעם געריכט ביי אַ דיוויזיע; דער געריכט באַשטייט פון 3 רויטע אַרמייער, צווישן זיי איינער אַ פּאָרזיצער. דער געריכט נאָמינירט אַ אויספאָרשער, וועלכער איז אין דערזעלבער צייט אויך אַ באַשולדיקער (פּראָקוראָר). די אויספאָרשונג קומט פאָר אויפן גרונט פון שריפטלעכע מאַטעריאַלן. דער פּראָקוראָר טרעט אַרויס אין געריכט ניט שטענדיק. און בשעת דער פּראָקוראָר טרעט ניט אַרויס (אַזוי איז געווען מיט די 16 ציוניסטן), ווערט אויך ניט דערלאָזן קיין פאַרטיידיקער. קיין געזעצן, וועלכע זאָלן רעגולירן די נאָרמען, ביי וועלכע דער געריכט דאַרף זיך האַלטן ביים אַרויסטראָגן דעם פּסק-דין, עקסיס-

טירן ניט. דער אורטייל ווערט אַרויסגעטראָגן לויט דער פאָרמול: „רעוואָלוציאָנערער געוויסן און סאָציאַליסטישע גערעכטיקייט". דיזעלבע אינסטאַנץ, וועלכע טראָגט אַרויס דעם פסק-דין, פירט אים אויך אויס.

דער „רעווטריבונאַל" אין קאַמענעץ איז באַשטאַנען פון פרעמדע מענטשן, וועלכע קיינער, אפילו די קאָמוניסטן, האָבן ניט געקענט. דער פאָרזיצער איז געווען אַ לעט.

ביי אַזאַ לאַגע איז געווען זייער שווער, וואָס עס איז אויס-צוטאָן, נאָר דאָך האָט מען אָנגעוומען אַלע מיטלען.

קיין באַשטימטע צייט, ווען דער געריכט וועט פאָרקומען, האָבן מיר ניט געוואוסט.

3 טעג זיינען מיר געשטאַנען ביים לאָקאַל פון געריכט, און געוואַרט, ווען וועט מען ברענגען די 16 ציוניסטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַן אַרעסטאַנטן-וואַגאָן אויפן וואָקזאַל.

אַ שרעקלעכן איינדרוק האָט געמאַכט אויף אונז אַ פאָטער פון 4 אַרעסטירטע ציוניסטן, אַ שוחט פון מאָהילעוו. ער האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען ביים לאָקאַל פון געריכט און געזאָגט תהילים. „2 זין גיב איך זיי,— 2 גיט מיר"—האָט ער געטענהט. די לאַגע פון זיינע זין איז געווען זייער אַ שווערע, ווייל זיי האָט מען באַשולדיקט, אַז זיי זיינען פאַרבליבן אין אוקראַינע בעת דעניקינס אָנגריף, זייענדיק דערצו רויטע אַרמייער.

און דער „רעווטריבונאַל" האָט געהאַלטן, אַז מיט דעם גופא, וואָס זיי זיינען פאַרבליבן, האָבן זיי זיך שוין איבערגעגעבן דעניקינען.

די באַשולדיקטע האָבן געטענהט:

„ווי האָבן מיר, יידן, זיך געקענט איבערגעבן דעניקינען, וועלכער האָט געמאַכט אַ זעלכע שרעקלעכע פּאָגראָמען אויף יידן— ער וואָלט דאָך אונז, אַלס רויטע אַרמייער, געוויס אויסגעהרגעט".

—טאַקע דערפאַר איז אייער שולד נאָך גרעסער—האָט גע-ענטפערט דער פאָרזיצער פון געריכט — די ראַטן-מאַכט האָט באַ-

שיצט אייערע עלטערן, ברידער און שוועסטער—און איר טרעט ניט אָפּ מיט דער רויטער אַרמיי, נאָר איר פאַרבלייבט אויף אַ טעריטאָריע, וועלכע עס פאַרנעמט דעניקין.

ניט קוקנדיק אָבער אויף די אַלע שווערע באַשולדיקונגען, האָט זיך פאָרט איינגעגעבן צו ראַטעווען פון געפאַר די אַלע אַרעסטירטע.

אַ טייל, ווי למשל, דעם פאָרזיצער פון מאָהילעווער קהילה און נאָך אייניקע, האָט מען אַרויסגעלאָזן נאָך פאַרן משפּט. די איבעריקע זיינען געווען צוגעמשפּט צו קליינע שטראָפן, און בלויז אַ טייל איז פאַרמשפּט געוואָרן על־פּי תנאי (אַז מיט זיי וועט מער עס ניט פּאַסירן) צו 10 יאָר צוואַנגס־אַרבעט. די לעצטע האָט מען אויך דערנאָך אַרויסגעלאָזן פריי, נאָר מען האָט זיי געשיקט אויפן פראָנט. דעם גרינגן פּסק־דין, איבערהויפּט צו די דעזערטירן, האָט דער געריכט ערקלערט מיט דעם, וואָס די באַשולדיקטע זיינען ניט פון דעם קלאַס לײַדיקגייער, נאָר זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט אַלס „חלוצים”.

דער גרויסער עולם, וואָס איז בייגעווען דעם משפּט, האָט מיט וואַרימע אַפּלאָדיסמענטן באַגריסט דעם אַרויסגעלאָזענעם אורטייל.

דער פּראָצעס פון די „16 ציוניסטן” איז געווען דער איינציקער נצחון פון דער געזעלשאַפטלעכקייט אין קאַמענעץ אַין דעמדאָזיקן פּעריאָד.

ווייטער האָבן די באָלשעוויקעס אַלץ געטאָן, ווי זיי האָבן געוואָלט, אַבסאָלוט זיך ניט רעכענענדיק מיט דעם, ווי עס רעאַגירט אויף זייערע מעשים די אָרטיקע באַפעלקערונג, און זאָגאַר די אַרבעטערשאַפט.

אַנדערש האָבן זיך אויך דאָסמאָל באַצויגן די יידן־באָלשעוויקעס צו דער יידישער באַפעלקערונג און צו די יידישע סאָציאַליסטן. דידאָזיקע באַציאונגען זיינען ניט געווען דיזעלבע, וואָס פון 1919 יאָר. איבערהויפּט אויסטערליש האָבן אויסגעזען די באַציאונגען פון די יידישע קאָמוניסטן, געוועזענע סאָציאַליסטן, צו זייערע חברים, יידישע סאָציאַליסטן. ערשט מיט אַ קורצער צייט

צוריק האָבן פיל פון זיי זיך באַהאַלטן אונטער די פלייצעס פון די יידישע סאָציאַליסטן און דערמיט זיך געראַטעוועט, און איצט זיינען זיי געקומען מיט „פּאַרטפּעלן" פון „צענטער", איבערגעביטן זייערע יידישע נעמען אויף גויאישע און געפּירט כּמעט אַ פערזענלעכן קאַמף קעגן זייערע נעכטיקע חברים און פריינד.

אין אַלגעמיין איז געווען זייער שווער די לאַגע פון די יידישע סאָציאַליסטן. יעדער ייד, ווען אים האָט געטראָפן אַ אומגליק, האָט זיך גלייך געוואָרפן צו די יידישע סאָציאַליסטן, און די יידישע סאָציאַליסטן האָבן אין 1919 ווירקלעך אַ סך אויפגעטאָן, אין דעם הינזיכט איצט אָבער זיינען זיי געווען מאַכטלאָז.

אייגנטלעך, האָבן שוין צו יענער צייט ניט עקסיסטירט די פעסטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע מען האָט געקענט טרעפן אין פּאָדאָליע אין 1917—1919 יאָר.

די איבערגאַנגס־פּעריאָדן, די פּאָגראָם־כוואַליע, דער באַלשעוויזם האָבן אונטערגעגראָבן די עקסיסטענץ פון די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. זייערע רייען זיינען געוואָרן אַלץ שיטערער און די ווירקונג אויף דעם אַרומיקן לעבן—שוואַכער.

דער „פאַראייניקטער בונד" האָט ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג צווישן דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

צערואינירטע, פאַרפאָלגטע און פאַרמאַטערטע, זיינען די יידישע אַרבעטער געוואָרן גלייכגילטיק צו אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן.

איינצלנע פון זיי זיינען נאָך געבליבן ביי די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, איינצלנע פון זיי זיינען צוגעשטאַנען צו די באָלשעוויקעס, די מאַסע אָבער איז געבליבן אָן אַ זייט.

דערווייל זיינען פון קיעוו דערהאַלטן געוואָרן ידיעות, אַז דאָרט עקסיסטירט נאָך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער בונד. גלייך האָט דער „פאַראייניקטער בונד" אין קאַמענעץ צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. און אויף דערדאָזיקער פאַרזאַמלונג איז דעצידירט געוואָרן די פראַגע צו ליקווידירן די אָרגאַניזאַציע פון „פאַראיי

ניקטן בונד״. דער הויפט־קאָמיטעט האָט אויך באַשלאָסן אָפּצו־שטעלן זיין טעטיקייט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך אין קאַמענעץ רעס־טאַווירט דער אַלטער סאָציאַל־דעמאָקראַקישער בונד. די פּאַראיי־ניקטע האָבן שוין מער ניט אויפגעשטעלט זייער אָרגאַניזאַציע.

אַ גרעסערע טעטיקייט האָבן אַרויסגעוויזן די „פּועלי־ציון״, ביי וועלכע עס איז אויך פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אויף רעכטס און לינקס, נאָר זיי האָבן כאָטש געאַרבעט צוזאַמען אין „באָראָ־כאָוו־קל ב״.

אינקורצן איז פּאַר די יידישע סאָציאַליסטן פון קאַמע־נעץ־פּאָדאָלסק אויפגעקומען אַ נייע פראַגע — די באַציאונגען צום יידישן געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט.

מען האָט זיך אין קאַמענעץ דערוואוסט, אַז ל'יט דעם אָפּ־מאַך צווישן דער ראַטן־מאַכט און דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע — פיין און פישער — איז געבילדעט געוואָרן אַ יידישער געזעל־שאַפטלעכער קאָמיטעט (יידגעזקאָם) — צו העלפן די פּאָגראָמירטע יידן פון די געלטן, וואָס זיינען צוגעשיקט געוואָרן פון אַמעריקע.

אין דעם קאָמיטעט האָבן געדאַרפט זיין פאָרגעשטעלט די יידישע קאָמוניסטישע און סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, די יידישע גע־זעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס (יעקאָפּאָ, אָרט, אָזע, קולטור־ליגע), די יידישע אַרבעטער, די יידישע אַרבעטנדיקע און פּאַרשטייער פון אייניקע ראַטן־אַנשטאַלטן. אויף די ערטער האָבן זיך געדאַרפט בילדן קאָמיסיעס.

אין קאַמענעץ האָט זיך, לויט דער אָרטיקער איניציאַטיוו און לויט אַן אָפּמאַך צווישן די קאָמוניסטישע און סאָציאַליסטישע גרופּן, געבילדעט אַזאַ מין קאָמיסיע, אין וועלכער עס זיינען גע־ווען פאָרגעשטעלט די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע עלעמענטן. די יידישע קאָמוניסטן האָבן זאָגאַר אָנגענומען מיטלען צו לעגאַליזירן דעם „יידגעזקאָם״.

מיטאַמאָל — אַ גזרה: פון קיעוו איז געקומען דער פאָרשטיי־ער פון „יידגעזקאָם״ . ע—ן און האָט געפאָדערט, עס זאָל גע־בילדעט ווערן אַ נייע קאָמיסיע, אין וועלכער עס זאָלן אַריין בלויז

קאָמוניסטן. אומזיסט האָבן די קאַמענעצער יידישע קאָמוניסטן אויפגעוויזן ע—נען, אַז זיין האַלטונג ברענגט אַ גרויסן שאָדן דער הילפס־אַקציע — עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן. ע—ן איז געווען „בייז" און האָט געוואָלט נקמה נעמען פון די קאַמענעצער „קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן". די קולטור־ליגע האָט זיך אַפילו געשטעלט אַנטקעגן, נאָר צום סוף האָט זי זיך דאָך אונטערגעגעבן.

„אָרט" האָט באַשלאָסן, ניט צו אָנערקענען דעם ריין „קאָמוניסטישן יידגעזקאָם". די קאַמענעצער געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט אַ שאַרפן שמועס מיט ה' ע—ן. די ערשטע האָבן אָנגעוויזן, אַז עס איז נאָך ווייניק צו אַנטלויפן פון אוקראַינע קיין מאָסקווע, שליסן אָפּמאַכן פאַר די מיליאָנען אוקראַינער יידן מיט די יידיש־אַמעריקאַנישע פאָרשטייער, ניט אָנפרעגנדיק זיך אַפּילו ביים יידישן אַרבעטער — און נאָכדעם פאַלסיפּיצירן דעם אָפּמאַך און שאַפן ריין קאָמוניסטישע „יידגעזקאָמען". די געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זיינען די גאַנצע צייט געבליבן אויף די ערטער און געאַרבעט לטובת די יידישע מאַסן אין אוקראַינע, קענען מיט אַזאַ מין באַלעבאַטעווען ניט איינשטימען.

ע—ן האָט אָבער זיינס אויסגעפירט: ער האָט פאַרהתמעט די אַנשטאַלטן פון „אָרט" — אַ „שוסטער־וואַרשטאַר" און אַ „סטאָלער־וואַרשטאַט". דערביי איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז ה' ע—ן האָט ניט געפונען פאַר נייטיק אַרויסצופאָדערן פון די באָלשעוויקעס די 7 פּוד פאָדעשוועס־לעדער, רעקווירירטע ביי אָרט, וואָס נאָך זיין קומען האָט עס געדאַרפט אַריבערגיין צום יידגעזקאָם.

די געשאַפענע „קאָמוניסטישע" קאָמיסיע האָט זיך געפילט זייער ניט באַקוועם און האָט כמעט גאָרנישט ניט אויפגעטאָן.

די יידישע קאָמוניסטן, הגם זיי האָבן זיך באַצויגן פיינדלעך צו די יידישע סאָציאַליסטן, האָבן זיי זיי דאָך געמוזט צוציען צו קולטורעלער אַרבעט, מחמת מאַנגל אין כוחות אויף דעם געביט.

די „יידישע סעקציע" פון פאָלקס־בילדונג האָט זיך פּאַקטיש געפונען און די הענט פון די יידישע סאָציאַליסטן.

באַזונדער און לגמרי איזאָלירט האָבן געלעבט די ציוניסטן,

לכתחילה האָבן זיי זיך געפּרובט צונויפריידן מיט די יידישע סאָציאַליסטן, נאָר אַז פון דעם איז, געוויינלעך, גאָרנישט אַרויסגעקומען, האָבן זיי אויסגענוצט פּערזענלעכע איינפלוסן, כדי איינצוהאַלטן זייערע אַנשטאַלטן.

---

# די אוקראַינער פאַרנעמען ווידער קאַמענעץ־פאָדאָלסק און דעם געגנט.

(סעפּטעמבער 1920)

ווי שטענדיק, האָט מען מיט אַ טאָג פריער קיין זאַך ניט געוואוסט. פּלוצלונג קלאַפּט צו מיר אָן אַ באַקאַנטער סטודענט גאַנץ פרי און גיט איבער, אַז די באָלשעוויקעס פאַרלאָזן קאַמענעץ.

ווער פאַרנעמט זייער אָרט און ווער קומט אָנשטאָט זיי, און מיט וואָס ערקלערט זיך אַזאַ מין גיכע עוואַקואַציע פון די באָלשעוויקעס — האָט קיינער ניט געוואוסט.

אין שטאָט האָט זיך גערעשט. די יידישע באַפעלקערונג אָבער איז געווען רואיק.

די רויטע אַרמייער האָבן שטיל פאַרלאָזט קאַמענעץ. עס האָט זיך געבילדעט אַ אָרטיקע מיליצע אָפּצוהיטן די אָרדענונג. די שטימונג ביי דער בירגערליכער באַפעלקערונג סיי יידישע, סיי ניט־יידישע, איז געווען זייער אַ פיינדליכע בנוגע די באָלשעוויקעס.

אין שטאָט איז שוין קיין באָלשעוויסטיש מיליטער ניטאָ. בלויז איינצלנע רייטע אַרמייער טרעטן אָפּ. מען פאַרהאַלט זיי אַפּריער, פון פראָנט, נאָר מען לאָזט זיי גיך אַרויס פריי און זיי פאַרלאָזן קאַמענעץ.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זיינען די אוקראַינער אַריינגעקומען אין שטאָט. דאָס מאָל שרעקט זיך שוין ניט די יידישע באַפעלקערונג, באַהאַלט זיך ניט; נאָר פאַרקערט, שפּאַצירט איבער די גאַסן פראַנק און פריי.

די קהילה האָט אַרויסגעשיקט פאָרשטייער מקבל־פּנים זיין

די אוקראַינער. אַ צעירי־ציוניסט האָט געהאַלטן אַ באַגריסונגס־רעדע.

מען איז עטלעכע מאָל אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן דעם אַריינקו־מענדיקן מיליטער, זאָגאַר יום־כפור בייטאָג. עס זיינען געגאַנגען אויך די פריי־וויליקע פייער־לעשער (דאָס מערסט יידן) מיט זייער מוזיק. בראש איז געגאַנגען דער רב.

די אוקראַינער האָבן פאַרנומען קאַמענעץ אָן עקסצעסן. פון ראַיאָן קומען אויך אָן באַרואיקנדיקע ידיעות. ביי דער בירגערלעכער יידישער באַפעלקערונג איז אַ געהויבענע שטימונג.

קאַלט און פאַסיוו האָבן זיך געהאַלטן די יידישע סאָציאַ־ליסטן, און זאָגאַר אייניקע אוקראַינישע סאָציאַליסטישע קרייזן. די ערשטע טעג האָט זיך שטאַרק גערעשט בלויז ביי די צעירי־ציון גלייך ווי די אוקראַינער זייבען אַריין אין קאַמענעץ, האָ „תרבות" אַרויסגעלאָזן אַ מעלדונג, געקלעפט אין קאַמענעצער גאַסן, מיט אַ מגן־דוד און „ציון" פון אויבן, אויף 2 שפראַכן, יידיש און העבראיש. אין דער מעלדונג איז געווען געזאָגט, אַ דער „גן ילדים", וועלכער איז געווען פאַרכאַפּט פון די יידישע סאָציאַליסטן*) און פון דער „קולטור־ליגע", די אָנפירער פון „נאַר־אָבראַזו", איז אַריבער אין די הענט פון „תרבות". **)

ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלט זיך אַזאַ „מעשה" פון די קאַמענעצער „צעירי־ציון" פאַרענדיקט זייער טראַגיש פאַר די יידי־שע סאָציאַליסטן. דאָס מאָל אָבער האָט זיך די אוקראַינער דעפּעניסיווע געהאַלטן פאַרהעלטענישמעסיק רואיק, און עס איז אַריבער די זאַך גלאַט.

ביסלאַכווייז אָבער פאַלט אויך די שטימונג ביי די צעירי־ציון. זיי גלויבן שוין אויך ניט, אַז די אוקראַינער וועלן זיך איינהאַלטן. די צעירי־ציון הייבן אָן מאַסנווייז פאַרלאָזן קאַמענעץ. עס פאַר־לאָזן אויך קאַמענעץ די אַקטיווסטע טוער פון צ. ק., ניט אָפּגעבנ־דיק קיין חשבון) פון די רעשטלאַך פון דעם אַמעריקאַ־

---

*) בילדונג-אָפּטיילונג ביי דער ראַטן־מאַכט.

**) דער אָריגינאַל געפינט זיך אין קאַמענעצער קהילה, קיעווער ק.ל., ער איז געווען געדרוקט אין גוסיאַטינס דרוקעריי.

נער קאָמיטעט, וועלכע זיי האָבן באַקומען פאַרן אַריינגייןפון די באָלשעוויקעס אין חודש יולי.

איצט האָבן די באַלעבאַטים יידן דער פילט, אַז עס איז פאַר זיי ערשט געקומען די אמתע צייט.

אין די סאָציאַליסטישע קרייזן האָט געהערשט אַ אַפּאַטיע, די צעירי־ציוניסטן זיינען זיך צעלאָפן און די „געקליבענע פאַר־שטייער" פון די בתי־מדרשים האָבן זיך גענומען צו דער „אַרבעט". צווישן זיי האָט זיך געפונען אַ ייד וואָס איז רייכגעוואָרען, אין דער מלחמה, אַ „ווינקל־אַדוואָקאַט", אַ כלל־טוער, וואָס איז „געשטרויע־בעלט" געוואָרן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און סתם אַ ייד אַ ליי־דיקגייער. פאַר זיי איז זאָגאַר די אחדות־ציוניסטישע קהילה געווען צו לינק, און זיי האָבן געשטרעבט צו ליקווידירן די קהילה און פאַרנעמען איר אָרט. איבערהויפּט האָט צוגעצויגן זייער אויפ־מערקזאַמקייט די אַמעריקאַנער געלט. און אין דערזעלבער צייט זיינען בוכשטעבלעך די אַלטע לייט פון „מושב־זקנים" געשטאָרבן פון הונגער. און די תלמוד־תורה האָט זיך געהאַלטן ביים פאַרמאַכן.

די יידישע סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן זיך ניט פאַרנומען מיט קיין פּאָליטיק, האָבן אַרויסגעוויזן אַ גלייכגילטיקייט אויך צו דער פראַגע וועגן קהילה. זיי האָבן קיין אָנטייל ניט גענומען אין דעם יידיש־אַמעריקאַנישן קאָמיטעט. די איבערגעבליבענע מיטגלי־דער פון פרעזידיום פון קאָמיטעט (אויסער די סאָציאַליסטן און צעירי־ציון; די לעצטע זיינען זיך צעפאָרן) האָבן זיך פאַרנומען מיט דער ליקווידאַציע פון קאָמיטעט.

לויט דער איניציאַטיוו פון די סאָציאַליסטן, האָט זיך גע־בילדעט אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט, אין וועלכן עס זיינען אַריין: „קולטור־ליגע", „יעקאָפּאָ", „אָזע" און „אָרט".

דערדאָזיקער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט האָט באַזאָרגט די אַלע אינסטיטוציעס, איבערהויפּט די יתומים־הייזער און די קינדער־גערטנער, מיט געלט. די לאַגע פון די אַנשטאַלטן איז געווען זייער אַ שווערע. דער קאָמיטעט האָט געזוכט צו פאַרבינדן זיך מיט דעם ד. ד. ק. אין וואַרשע, און האָט דערווייל אויסגעליען געלט ביי פּריוואַטע פּערזאָנען.

פאַר דער צייט האָבן די אוקראַינער פאַרנומען פּראָסקוראָוו, אַ"ט-קאָנסטאַנטינאָוו און זיך דערנענטערט צו ווינניצע. אין קאַמענעץ און אין קאַמענעצער ראַיאָן איז געווען שטיל. וועגן די כוונות און די מעשים פון דער אוקראַינישער רעגירונג האָט מען געהאַט אַ שוואַכע אַנונג.

מען האָט נאָר געוואוסט, אַז עס איז געבליבן די דירעקטאָריע (פּעטליורע) און אַז דער קאַבינעט איז אַ רעכטער.

אין 7—6 וואָכן אַרום, נאָכדעם ווי קאַמענעץ איז פאַרנומען געוואָרן דורך די אוקראַינער, איז אין שטאָט אַראָפּגעקומען די אוקראַינישע רעגירונג. צווישן אַנדערע איז אויך געקומען דאָס יידישע מיניסטעריום.

אין 2 טעג אַרום האָבן די אוקראַינער ווידער געמוזט פאַרלאָזן קאַמענעץ און אויך אוקראַינע אונטער דעם דרוק פון דעם באָלשעוויסטישן מיליטער.

---

## ווידער באָלשעוויקעס אין קאַמענעץ-פּאָדאָלסק.

(סוף 1920-אָנהייב 1921)

די שטימונג ביי דער יידישער באַפעלקערונג פאַר דעם אַריינקומען פון די באָלשעוויקעס אין נאָוועמבער 1920 איז געווען זייער אַ געדריקטע.

דער פאַרמעגלעכער קלאַס האָט עמיגרירט קיין אויסלאַנד, עס איז אויך געלאָפן דער פשוטער ייד, וועלכער האָט זיך געוואָלט אַריבערפעקלען קיין אַמעריקע.

שוין דער אַריינקומען פון די באָלשעוויקעס אין קאַמענעץ-פּאָדאָלסק האָט ניט געוויזן אויף קיין גוטס. די קאַוואַלערישע טיילן, וועלכע האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָבן גלייך גענומען זיך צו דאַבעוון די באַפעלקערונג. עס האָבן זיך זייער אָפט געהערט אַנטיסעמיטישע אויסרופן. די ערשטע נאַכט זיינען צעראַבירט גע-

וואָרן פיל הייזער, צווישן זיי די קאָלאָניַע פאַר שוואַכע קינדער· פון ·אָזע״. ווען די פאַרוואַלטערינס פון דער קאָלאָניע זיינען גע־קומען מיט אַ אָנקלאָגע צו דעם קאָמענדאַנט, האָט ער זיי באַ־גענגט זייער קאַלט און האָט גאָרניט געטאָן, כדי צו געפינען די שולדיקע.

עס איז ניט געווען צו ווענען צו טענהן און פאַר ווענען צו קלאָגן זיך.

עס האָבן געפעלט אַפילו די אויסערליכע אַטריבוטן, וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַריינקומענדיקע טיילן פון דער רויטער אַרמיי: עס זיינען ניט פאָרגעקומען קיין מיטינגען, עס זיינען ניט אַרויסגעלאָזן געוואָרן קיין אויפרופן און עס האָבן זיך ניט געהערט קיין רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. דאָס זיינען שוין ניט געווען יענע רויטע אַרמייער, וואָס האָבן די פאָריקע צוויי־מאָל פאַרנומען קאַמענעץ.

אין שטאָט איז אַריינגעקומען אַ פרעמדע מיליטער־מאַכט, וועלכע האָט,פשוט,אָקופירט דעם געגנט. און אַ שרעק איז אָנגעפאַלן אויף דער יידישער באַפעלקערונג. פאַרנאַכט פלעגט מען שוין ניט זען קיין לעבעדיקן מענטשן אין גאַס. טיר און טויער פלעגן ווערן פאַרשפאַרט, און אַן אימה פלעגט אַלעמען אַרומנעמען.

אינגיכן זיינען די קאַוואַלעריסטן אַוועקגעגאַנגען ווייטער און אין שטאָט איז געוואָרן פאַרהעלטענישמעסיק רואיקער. נאָר אין „צענטער״ האָט מען גוט געדענקט דעם „קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן״ קאַמענעץ און מען האָט אַראָפּגעשיקט גאַנצע 3 (דריי) „טשרעזווי־טשאַיקעס״ צו „ראַמען״. כאָטש צו וואָס האָט מען, אין פלוג, געדאַרפט דריי טשרעזוויטשאַיקעס, אַז די אמתע קאָנטר־רעוואָלוציאָנער זיינען אַנטלאָפן צוזאַמען מיט דער אוקראַינישער אינטעליגענץ און געבליבן איז נאָר דער מיטעלער קלאַס מיט די אַרבעטער און אָרימעלייט? נאָר דאָס איז קיין קשיא ניט: ליידיק וועלן זיי ניט זיצן, זיי וועלן שוין „שאַפן״ פאַר זיך אַרבעט. ס׳מאַכט ניט אויס, אַז דורך ניט קיין כשרע מיטלען, אַפילו דורך פראָוואָקאַציע.

אָט, למשל, ווענדט זיך איינער אַ „טשעקיסט״ צו אַ יידן, ער זאָל אים שאַפן גאָלדענע מטבעות. דער „טשעקיסט״ פאַרזיכערט

דעם יידן, אַז ער דאַרף דאָס האָבן פאַר זיך, פאַר זיינע צוויי און אַז דער ייד ברענגט עס צום טשעקיסט, אַרעסטירט ער אים און צווינגט אים, ער זאָל אַרויסגעבן די מענטשן, ביי וועמען ער האָט די גאָלדענע מטבעות געקויפט. ער זאָגט אים דערביי צו, אַז מען וועט אַראָפּ־נעמען פון אים די שטראָף, אויב ער וועט אויסזאָגן. דער ייד איז זיך מודה, און עס ווערן גלייך אַרעסטירט די אַלע, וואָס האָבן פאַרקויפט דעמדאָזיקן יידן, פעלדמאַנען, צו איינע אָדער צו 2 מטבעות.

דער משפט איבער זיי איז אַ קורצער: לויט אַ באַשלוס פון קאַמענעצער פּאָוויאַטאָוון „טשעקאַ” ווערן די אַלע, וואָס זיינען שולדיק אין פאַרקויפן די גאָלדענע מטבעות בתוכם דער מעקלער, פעלדמאַן, פאַרמשפּט צום טויט. אין דעם אורטייל האָט אויך אָנטייל גענומען דער „טשעקיסט”, וואָס האָט פּראָוואָצירט די גאַנצע מעשה.

אין דערזעלבער צייט זיינען אויך פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט נאָך איניקע יידן און קריסטן צוליב פאַרשיידענע „פאַר־ברעכן”. צווישן די פאַרמשפּטע איז געווען אַ 72־יאָריקער ייד, משה הויכמאַן, וועלכן מ׳האָט באַשולדיקט אין געבן שוחד אַ „טשעקיסט” בשעת יענער האָט ביי אים געפונען גאַלאַנטעריי־סחורה. בסך־הכל איז לויט דעם פּובליקירטן צעטל אין די „קאַמענעצער ידיעות” דערשאָסן געוואָרן 14 מענטשן. צווישן די דערשאָסענע זיינען געווען אָנגעזעענע קאַמענעצער באַלעבאַטים, יאַכים ווייַנבוים, 55 יאָר, שרול פעלדמאַן, משה הויכמאַן, 72 יאָר און נאָך איניקע.

איבערהויפּט האָט אויפגערודערט די שטאָט דער טויט פון יאַכים ווייַנבוים. ער איז געווען אַ אינטעליגענטער סוחר, וואָס איז מחמת דער קריג פאַראָרימט געוואָרן. די איינציקע שטיצע, זיין איידים — אַ דאָקטאָר־כירורג — האָבן די באָלשעוויקעס מאָביליזירט. די נייט איז געווען זייער גרויס. די גאַנצע שולד פון ווייַנבוימען איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט פאַרקויפט אַ באַקאַנטן

יידן—אַ מעקלער — 2 גאָלדענע פינפרובלדיקע. און דערפאַר האָט מען אים געשאָסן. די געשיכטע מיט די 14 געהרגעטע האָט געמאַכט אַ דערשיטערדיקן איינדרוק אין שטאָט.

קאַמענעץ-פּאָדאָלסק און דער ראַיאָן, וואָס האָבן זיך, אַדאַנק זייער געאָגראַפישער לאַגע, אַ לענגערע צייט געפונען אונטער אַ בורזשואַז-דעמאָקראַטישער אָרדענונג, האָט געלעבט פאַרהעלטע-נישמעסיק רואיק.

די געקומענע באָלשעוויסטישע מאַכט האָט געוואָלט דורכ-פירן אין קאַמענעץ מיט איין קלאַפּ אַלע דעקרעטן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ראַטן-רוסלאַנד אין משך פון לאַנגע חדשים, און וואָס עס איז געווען פיזיש אוממעגלעך פאַר די קאַ-מענעצער איינוואוינער.

צוערשט האָט מען רעאַליזירט די דעקרעטן בנוגע צו דער שטאָטישער באַפעלקערונג, ווייל מיט דעם דאָרף האָט מען זיך געמוזט באַגיין, ווילנדיק ניט ווילנדיק, עטוואָס ווייכער.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן פאַראָרדענונגען וועגן רע-גיסטרירן פאַרשיידענע סחורות, האַנטווערקער-געצייג, מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, מעבל און נאָך אַנדערע געגנשטאַנדן. דערנאָך זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַראָרדענונגען איבערצוגעבן די רע-גיסטרירטע סחורה און די אַנדערע זאַכן אין די ראַטן-אָרגאַנען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן רעקוויזיציעס פון מעבל. געוויינלעך האָבן די סוחרים, קרעמער, בעלי-מלאכות און אַנדערע פאַראינטערע-סירטע פאַרבאַהאַלטן זייער פאַרמעגן — און דאַן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע „אַרבעט" פון דער „טשרעזוויטשאַיקע": מען האָט געמאַכט רעוויזיעס אין פריוואַטע הייזער, געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, קלויסטערס, שולן — און מען האָט געפונען פאַרבאַ-האַלטענע סחורה, גאָלד, זילבער, געלט.

די לאַגע פון די ברייטסטע יידישע מאַסן איז געוואָרן זייער אַ שווערע, כמעט אַלע יידישע פרנסות זיינען אונטערגעהאַקט גע-וואָרן, 500-600 קליינע קרעמער זיינען געבליבן אָן חיונה. מען האָט אנגעהויבן ריידן, אַז מען וועט ביי זיי אויך רעקווירירן די

הילצערנע קלייטן, אין וועלכע זיי האָבן געהאַלטן זייער ביסל סחורה אופן מאַרק.

בעלי־מלאכות זיינען געבליבן אָן אַרבעט. די יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט ביי זיי, זיינען אויך געוואָרן אַרבעטסלאָז די אינטעליגענץ (דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשענערן לערער) איז געוואָרן מאָביליזירט. די מאָביליזירטע אינטעליגענץ צוזאַמען מיט די אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען פאַרנומען אין די נאַציאָנאַליזירטע אונטערנעמונגען, און די ראַטן־אָנגעשטעלטע האָבן געבילדעט די פּריווילעגערטע קאַטעגאָריע.

זיי האָבן באַקומען 6000 געהאַלט אַ חודש, פאַר וועלכע מען האָט דאַמאָלסט געקענט באַקומען 30 פונט ברויט; דערצו האָבן זיי אויך באַקומען פלומרשט אַ פּאַיי.

די באָלשעוויקעס האָבן דאַן אַרויסגעלאָזן דעקרעטן וועגן אָפּשאַפן דעם פּריוואַטן האַנדל, ניט באַזאָרגנדיק די אָרטיקע באַפעלקערונג מיט פּראָדוקטן.

די עקאָנאָמיש אָפּגעשוואַכטע יידישע אַרבעטער—און אין אַלגעמיין די יידישע מאַסן — האָבן ניט געשפּילט קיין ראָל אין פּאָליטישן הינזיכט. צווישן די יידישע אַרבעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ פולקומער פּאָליטישער אינדיפערענטיזם.

נאָך דער מיליטערישער מאַכט, האָט די הויפּט־ראָלע געשפּילט די אַלגעמיינע קאָמוניסטישע פּאַרטיי (פּאַרקאָם). מען האָט זיך ניט גערעכנט ניט מיטן קאָמבונד (קאָמוניסטישן בונד) ניט מיט יעקאָפּע (פּועלי־ציון קאָמוניסטן).

אין יידישע פראַגן איז דער איינציקער אַוטאָריטעט געווען די יידישע אָפּטיילונג ביים „פּאַרקאָם", וואָס איז באַשטאַנען פון אַ 6־7 יידן־קאָמוניסטן.

די „יידישע אָפּטיילונג" האָט געדאַרפט צושטעלן אַ באַרוואַלטער אין דער יידישער סעקציע פון פאָלקס־בילדונג, און אונטער איר השגחה האָבן זיך געדאַרפט געפינען די אַלע יידישע אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן נאָך עקסיסטירט אין קאַמענעץ און אין ראַיאָן. מיט דער מיינונג פון „יעוואָדעל" האָט זיך, לויט די אינסטרוקציעס פון צענטער, געדאַרפט רעכענען דער „פּאַרקאָם" און

„רעווקאָם" אין די אַלע פאַלן, וואָס עס האָט אָנגערירט די אינ־טערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די עטלעכע יידן, וואָס האָבן געהערט צו דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער פאַרטיי, זיינען געווען באַשעפטיקט אויף ראַטן־שטע־לעס, און האָבן זיך דעריבער ניט געקענט אָפּגעבן דער אַרבעט אין די יידישע סעקציעס. חוץ דעם, זיינען אויך געווען ווייניק פאַסיקע פערזאָנען צווישן דער יידישער סעקציע. דעם „פאַרקאָם" איז געבליבן נאָר 2 וועגן: אָדער צוציען צו דער אַרבעט פּערזאָ־נען פון אַנדערע פאַרטייען, נאַציאָנאַל־קאָמוניסטישע און סאָצי־אַליסטישע, אָדער אינגאַנצן ניט באַטייליקן זיך אין די אַנטשפּרע־כנדיקע יידישע אָרגאַנען.

אַזאַ לאַגע איז ווירקלעך געשאַפן געוואָרן אין קאַמענעץ, ווען בראש פון דער יידישער סעקציע ביי דער אָפּטיילונג פון פאָלקס־בילדונג איז געשטאַנען אַ פועלי־ציוניסט (יעקאָפּיסט). עס איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ באַראַטונג ביי דער יידישער סעק־ציע, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען נאַציאָנאַל־קאָמוניסטן, יידישע סאָציאַליסטן, אייניקע ציוניסטן — און קיינער ניט פון דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער פאַרטיי. צווישן די קולטור־טוער אין לערער פון קאַמענעצער פּאָוויאַט האָבן זיי ניט געהאַט קיין מיט־גלידער.

דער „צענטער" האָט געוואוסט וועגן דערדאָזיקער סיטואַציע אין דער פּראָווינץ און האָט זיך באַמיט אַראָפּשיקן אַהין ניט קיין היגן יידישן קאָמוניסט, אויף וועלכן די אָרטיקע טוער, דערהויפּט די יידישע סאָציאַליסטן—זאָלן ניט קענען האָבן קיין ווירקונג.

אַזוי האָט מען אויך אַראָפּגעשיקט קיין ווינניצע, אַלס פאַר־וואַלטער פון דער גובערניאַלער יידישער סעקציע ביי דער אָפּטיי־לונג פון פאָלקס־בילדונג, אַ יונגנמאַן, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ ספּעציעלע שנאה צו דער קולטור־ליגע, וואו דאָס רוב האָבן געאַרבעט יידישע סאָציאַליסטן.

אָט אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט געלעבט די יידישע באַ־פעלקערונג, קליגנדיק זיך שטענדיק ווי צוצופּאַסן זיך צו דער ניי־געשאַפענער סיטואַציע. נאָר וואָס ווייטער, איז געוואָרן אַלץ ער־

גער און ערגער. די באפעלקערונג האט אויפגעהערט נעמען די באל־שעוויסטישע געלט — און די „טשרעזוויטשאַיקע" האט אויף דעם גע־ענטפערט מיט טעראר. די לאגע אין קאמענעץ איז געווארן אומדערטרעגלאך. אלע טאג נייע ארעסטן, רעוויזיעס, — און קיין סוף דערפון זעט זיך ניט...

איך באגעגן א באקאנטן קאמוניסט, א געוועזענעם בונדיסט, װאס איז געקומען אויף א פאר טעג קיין קאמענעץ. ער וואונדערט זיך, ווי מיר לעבן דא. קאמענעץ, זאגט ער, איז ענלאך אויף א משוגעים־הויז.

דער טעראר האט זיך אלץ מער פארשטארקט. מען האט ארעסטירט דעם פארזיצער פון שטאט־דומע — מיראנסקען — א ייד, א רעכטער סאציאל־רעוואלוציאנער, און דעם געוועזענעם שטאט גאלאווא קילימניק, א לינקער אוקראינישער סאציאל־דעמאקראט, וועלכער איז געווען זייער פאפולער צווישן דער יידישער באפעל־קערונג פאר זיין טעטיקייט בעת דעם קאמענעצער פאגראם. די יידישע סאציאליסטן האט די „טשרעזוויטשאַיקע" ניט געטשעפעט.

דערווייל איז ארויס א דעקרעט וועגן וואלן אין ארבעטער־און פויערים־ראט. גענוי, וואו און וועלכן טאג די וואלן דארפן פארקומען, האט מען ניט באשטימט.

אויסער די אלגעמיינע קאמוניסטישע גרופע האט קיין פא־ליטישע פארטיי קיין אנטייל ניט גענומען אין די וואלן, מחמת אין אזא אטמאספער פון טעראר האט קיין גרופע קיין חשק ניט געהאט צו פארנעמען זיך מיט וואלן, נאר צופעליק זייגען אין אייניקע פראפעסיאנעלע פאראיינען דורכגעגאנגען אר בעטער — אומפארטיי־אישע און יידישע סאציאליסטן.

די וואלן זיינען געווען אומעטום אפענע און לויט די צעט־לען, וועלכע ס'האט צוגעשטעלט די קאמוניסטישע פארטיי.

אויף דעם צוזאמענפאר פון די ארבעטער און פויערים האט זיך געבילדעט אן אפאזיציע פון א באדייטנדער פויערשער גרופע, נאר ניט האבנדיק אויף דעם צוזאמענפאר די פאליטישע פאר־

טייען, וועלכע זאָלן קענען אָנפירן מיט דערדאָזיקער אָפּאָזיציע, איז זי זיך גיך צעפאַלן.

דער אינטערעס צום צוזאַמענפאָר איז געווען זייער אַ קליינער, מען איז געווען איבערצייגט, אַז ביי די עקסיסטירנדיקע באַדינ־גונגען וועלן דיזעלבע פערזאָנען אויסגעקליבן ווערן אויך ווייטער. ווירקלעך, די שטימונג האָט זיך ניט געביטן.

די קריסטלעכע באַפעלקערונג, וועלכע האָט נאָך געהאַט די מעגליכקייט, האָט אַריבערגעוואַנדערט אין דאָרף, וואו די ווירקונג פון דער ראַטן־מאַכט איז געווען זייער שוואַך. די יידישע באַפעל־קערונג האָט אָנגעהויבן מאַסנווייז צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. איצט איז שוין געלאָפן די מאַסע. עס איז געלאָפן אַ סוחר'ל, אַ אַ קרעמערל, אַ בעל־מלאכה, אַן אַרבעטער און עס איז געלאָפן דער אינטעליגענט, אַ לערער, אַן אַדוואָקאַט, אַ דאָקטאָר, אַ אינזשענער.

עס זיינען געלאָפן מענטשן פון פאַרשיידענע איבערצייגונגען, אפילו קאָמוניסטן. מען איז געלאָפן קיין גאַליציע און קיין בעסאַראַביע. די נערוועזיטעט האָט דערגרייכט די גרעסטע מדרגה: עס איז געווען גענוג די קלענסטע סיבה—מען זאָל איבערלאָזן דעם גאַנצן פאַרמעגן אויף הפקר, און דורכמאַכן ווי עס איז די 18—30 וויאָרסט, וואָס טיילט אָפּ אוקראַינע פון דער אייסער־לעכער וועלט.

אָבער ניט אַלע האָבן געקענט פאָרן; בלויז יחידים האָט אָפּגעגאָלטן צו באַקומען ערלויבענישן, דער גרעסטער אָבער האָט אַפילו ניט געקענט אַריבערפאָרן אין איין אַנדער שטאָט אין אוק־ראַינע אָדער אין רוסלאַנד. און אויף אַזאַ אופן איז מען געוואָרן אָפּ־געשניטן פון דער גאַנצער וועלט.

די אַנשטאַלטן האָבן איבערגעלעבט אַ שווערן קריזיס. אין אַ משך פון 6 חדשים האָט מען געלעבט בלויז מיט די רעשטלעך פון דעם אַמעריקאַנער קאָמיטעט און מיט די פּראָדוקטן, וועלכע מען האָט באַקומען פון דער ראַטן־מאַכט. מען דאַרף באַמערקן, אַז די ראַטן־אָרגאַנען האָבן מיט אַלע מעגלעכקייטן אונטערגע־האַלטן די קינדער־אַנשטאַלטן, נאָר וואָס האָבן זיי געקענט געבן. אַז זיי אַליין האָבן ווייניק געהאַט?

פלוצלונג באַקוטען די יידישע כלל־טוער פון די פאָרשטייער פון דער קאַמענעצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק, וואָס האָבן זיך געפונען אין בעסאַראַביע, אַ פאָרשלאָג, מ'זאָל זיך נעמען ווייטער פאָרזעצן די הילפס־אַקציע אויף געוויסע באַדינגונגען און מען זאָל זיך אויך פאַרנעמען מיט העלפן עוואַקואירן די עמי־גראַנטן — קרובים, פרויען, עלטערן, שוועסטער, ברידער פון די אַמעריקאַנער בירגער, פאַר וועלכע עס געפינען זיך שוין געלט און פאַפירן אין בעסאַראַביע.

נאָך לאַנגע באַראַטונגען האָט מען באַשלאָסן פון דער אַרבעט זיך ניט אָפּזאָגן. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן די הילפס־אַקציע דורך דעם „יידגעזקאָם״ (יידישן געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט). דורך די יידישע קאָמוניסטן פון יידגעזקאָם האָט מען געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דעם רעווקאָם, ער זאָל לעגאַלי־זירן דידאָזיקע אַרבעט. דער רעווקאָם האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט פון זיין זייט אָננעמען אַלע מיטלען, אַז דער יידגעזקאָם זאָל קע־נען דורכפירן זיין אויפגאַבע. דער קאַמענעצער רעווקאָם האָט אַרויסגעגעבן די אַמעריקאַנער דעלעגאַטן ערלויבענישן, זיי זאָלן קענען קומען אין קאַמענעץ.

אין די אַרויסגעגעבענע פאַפירן איז געווען געזאָגט, אַז דער קאַמענעצער רעווקאָם נעמט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער פערזענלעכער אומבאַרירלעכקייט פון די דעלעגאַטן און פאַר דער גאַנצקייט פון זייער פאַרמעגן.

די פאָרשטייער פון דער קאַמענעצער לאַנדסמאַנשאַפט האָבן געהאַט געוויסע דירעקטיוון, לויט וועלכע זיי האָבן געדאַרפט איבערגעבן דאָס געלט אין דער אָנווועזנהייט פון די קאַמענעצער רבנים. די אַרבעט האָט זיך געדאַרפט פירן אונטער זייער השגחה. ווייזט אויס, די מיטגלידער פון קאַמענעצער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק האָבן נאָך געלעבט מיט יענע באַגריפן וועגן קאַמע־נעץ, מיט וועלכע זיי האָבן מיט לאַנגע יאָרן צוריק פאַרלאָזן זייער היים. זיי האָבן גאָר ניט גענומען אין אַכט, אַז קאַמענעץ, ווי אַלע שטעט אין געוועזענעם רוסלאַנד, האָט דורכגעלעבט אַ וועלט־מלחמה און נאָכדעם די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע.

די פאָרשטייער פון קאַמענעצער לאַנדסמאַנשאַפט, קומענ־דיק אין קאַמענעץ, האָבן געפּרובט פּאַראַינטערעסירן די רבנים, נאָר יענע האָבן זיך געהאַלטן פון ווייטן.

נאָך פיל אונטערהאַנדלונגען און נאָך אַ קאַטעגאָרישער פאָ־דערונג פון די דעלעגאַטן, אַז אין דער אַרבעט זאָלן אָנטיילנעמען אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט זיך ביים יידגעזקאָם געבילדעט אַ ראַט, אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען אַלע גרופּן פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווי: אחדות־ניקעס, ציוניסטן, צעירי־ציון, פאָלקס־פּאַרטיי, יידישע־סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן, און אויך פאָרשטייער פון געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן און מיטגלידער פון יידגעזקאָם.

דער אויספיר־ביוראָ פון דעם „ראַט" איז געווען די קאָמי־סיע פון יידגעזקאָם, אין וועלכן ס'זיינען געבליבן 2 קאָמוניסטן. די לעצטע האָבן קאָאָפּטירט אין זייער קאָמיסיע נאָך אַ יידישן סאָציאַליסט, אַלס פאָרשטייער פון די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

דער יידגעזקאָם האָט זייער אַ סך אויפגעטאָן מיט די מיט־לען פון דער קאַמענעצער לאַנדסמאַנשאַפט.

די קינדער אין די יתומים־הייזער, קינדער־גערטנער און שולן האָבן אויפגעהערט פרירן און הונגערן. די לאַגע פון דעם מושב־זקנים איז פאַרבעסערט געוואָרן. מיט דער הילף פון „סאָ־בעז" (אָפּטיילונג פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג) און יידגעזקאָם האָט אָנ־געהויבן ווידער צו פונקציאָנירן די ביליגע קיך פאַר 250 פער־זאָן. מען האָט אויפגעשטעלט די קאָלאָניע פון „אָזע" פאַר שוואַ־כע קינדער, וואָס איז צעראַבירט געוואָרן, מען האָט באַשטימט צו עפענען נייע קינדער־אַנשטאַלטן (אין דעם פוילישן פולוואַרעק ווינקאָוועץ, קראַוואָסאַר).

מען האָט אויך מיטגעהאָלפן דער עוואַקואַציע פון עמיגראַנטן צו זייערע קרובים קיין אַמעריקאַ. ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ אינפאָרמאַציע־ביוראָ, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די עמיגראַנטן די געהעריקע אינפאָרמאַציעס. אין אַלגעמיין איז די אינפאָרמאַציע־אָפּטיילונג געווען אַוועקגעשטעלט זייער ברייט.

די אַרבעט פון יידגעזקאָם האָט זיך צעוואַקסן. ער איז

געוואָרן דער איינציקער אָרגאַן פון הילף פאַר דער יידישע באַפעלקערונג. דער יידגעזקאָם צוזאַמען מיט די געזעלשאַפטן (קאָפּע, אָרט, אָזע, קולטור-ליגע), וועלכע האָבן צו אים געהערט, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די איינציקע לעגאַל עקסיסטירנדיקע יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַנען.

אַזוי ווי די יידישע סעקציע ביי דער אָפּטיילונג פון פאָלקסבילדונג איז געווען פּערסאָנעל צוזאַמענגעבונדן מיט דעם יידגעזקאָם, במילא איז אויסגעקומען, אַז כמעט אַלע פראַגן, וועלכע זיינען געווען נוגע דער יידישער באַפעלקערונג, זיינען באַשלאָסן געוואָרן דורך די נאַציאָנאַל-קאָמוניסטן און די יידישע סאָציאַליסטן.

צווישן די אַלגעמיין עקסיסטירנדיקע באַדינגונגען אין שטאָט און דער לאַגע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען דער יידגעזקאָם, איז געווען אַ גוואַלטיקער אונטערשייד. בשעת די גאַנצע שטאָט האָט זיך געצאַפּלט אין טעראָר, דער גאַנצער באַלעבאָס איז געווען די „טשרעזוויטשאַיקע",—האָט אין דערזעלביקער שטאָט עקסיסטירט דער יידגעזקאָם, וועלכער איז געווען אומבאַרירלעך לויט דעם אָפּמאַך מיט די אַמעריקאַנער און לויט געוויסע אינסטרוקציעס פון דער העכערער באָלשעוויסטישער מאַכט, און וועמעס טעטיקייט ס'האָט זיך ניט אונטערגעוואָרפן קיינעמס קאָנטראָל. אָבער אַזאַ לאַגע האָט לאַנג ניט געקענט דויערן. דאָס האָבן געפילט די אַלע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין יידגעזקאָם. עס האָבן זיך גענומען טראָגן קלאַנגען, אַז די „טשרעזוויטשאַיקע" שאַרפט די ציינער אויף דעם קאָמיטעט. געוויינלעך, מאַטעריאַל, צו וואָס צוצושעפּען זיך, איז געווען מער ווי גענוג: דער קאָמיטעט האָט, למשל, אַליין אויפגעקויפט פראָדוקטן פאַר די אַנשטאַלטן, וואָס לויט דער „טשרעזוויטשאַיקע" האָט דערפאַר געקומט אַ גרויסע שטראָף.

דעם ערשטן אָנזאָג האָט געגעבן דער „פאַרקאָם" אַליין. די יידישע קאָמוניסטן, מיטגלידער פון דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָבן זיך אַרומגעזען, אַז די אַרבעט פון יידגעזקאָם פירט זיך אָן זיי, האָבן זיי דעריבער קאָמאַנדירט פון פאַרקאָם אַ יידישן יונגן מאַן, וועלכער האָט געטראָגן אַ קריסטלעכע

פאַמיליע און האָט גערעדט נאָר רוסיש, כאָטש אין יידגעזקאָם האָט זיך אַלץ געפירט אויף יידיש. דערדאָזיקער יונגערמאַן האָט פאַר־נומען די ראָל פון אַ פאַרטיידיקער פון די אינטערעסן פון די ראַטן־מאַכט. איינע פון זיינע ערשטע פאָדערונגען איז געווען, אַז דאָס געלט, וואָס ווערט געשיקט פון דער אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנ־שאַפט אין אַמעריקע קיין קאַמענעץ, זאָל געשיקט ווערן אין דאָ־לאַרן אָדער אין אַ אַנדער אויסלענדישער וואַליוטע, און ניט ווי איצט — אין דער ראַטן־וואַליוטע. די דיפערענץ איז אויסגעקומען צוֿ 100 מאָל.

דער יידגעזקאָם האָט ניט געפונען פאַר מעגלעך צו פאָדערן פון די דעלעגאַטן, זיי זאָלן ברענגען זייערע געלט אין דער אויס־לענדישער וואַליוטע. דאַן איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג, אַז די געלט פון קאַמענעצער לאַנדסמאַנשאַפט מוז צוגעשיקט ווערן אין דער אויסלענדישער וואַליוטע, וועלכע דאַרף, נאַטירלעך, אַריינגע־טראָגן ווערן אין דער מלוכה־באַנק און דאָרט אויסגעביטן ווערן, לויט דעם אָפיציעלן קורס, אויף דער ראַטן־וואַליוטע.

דאָס איז געווען דער ערשטער קאָנפליקט. בכלל איז קלאָר געוואָרן, אַז ביי די געשאַפענע באַדינגונגען וועט די אַרבעט פון די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס זיך ניט קענען אַנטוויקלען. אויף יעדן טריט און שריט זיינען געווען אומפאַרמיידלעכע שטע־רונגען. פון איין זייט האָט דער יידגעזקאָם אַליין ניט געהאַט דאָס רעכט צו קויפן פּראָדוקטן לויט די מאַרק־פּרייזן; און פון דער צווייטער זייט זיינען די אָרגאַנען פון דער ראַטן־מאַכט, וועלכע האָבן לויטן אָפמאַך מיט די אַמעריקאַנער געדאַרפט באַזאָרגן מיט פּראָדוקטן דעם יידגעזקאָם, ניט געווען אומשטאַנד צו באַזאָרגן.

די עמיגראַציע־אַרבעט האָט זיך אויך געמוזט אָפּשטעלן, ווייל בשעת די ידיעות, אַז די טעטיקייט פון יידגעזקאָם האָט זיך ברייט צעוואַקסן, איז די עמיגראַציע פון ראַטן־רוסלאַנד און ראַטן־אוקראַינע פלוצלונג שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן.

אויך אין יידגעזקאָם גופא איז ניט אַלץ געגאַנגען כשורה. די קאָמוניסטן, וועלכע זיינען געווען באַשטימט פון צענטער, האָבן אויף זיך געקוקט ווי אויף „פּריווילעגירטע" אין יידגעזקאָם. ניט

שטענדיק האָבן זיי געפילט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס איז גע-לעגן אויף זיי, אַלס אָנפירער פון דעם איינציקן געזעלשאַפטלעכן אָרגאַן אין קאַמענעצער ראַיאָן.

מען האָט געשפּירט, אַז לאַנג וועט אַזאַ מין לאַגע ניט קע-נען דויערן.

דערווייל איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז דער צ. ק. און דאָס אויספיר-ביוראָ פון דער קולטור-ליגע זיינען פונאַנדערגעלאָזט גע-ווען און עס איז באַשטימט געוואָרן אַ אָרגאַניזאַציאָנעלער קאָמיטעט, אין וועלכען עס זיינען געווען פאַרטראָטן די מיטגלידער פון דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער פאַרטיי און קאָמבונד. מען האָט אויך איבערגעגעבן, אַז די איבעריקע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס ווערן אויך ליקווידירט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין קורצן וועט די „ריי" דערגיין אויך צו קאַמענעץ און מיר אַליין האָבן אָנ-געהויבן קלערן וועגן ליקווידאַציע.

דאָס צוטרייבן די קולטור-ליגע אין קיעוו האָט געמאַכט אין דער פּראָווינץ אַ פּיינלעכן איינדרוק. די קולטור-ליגע איז גע-ווען די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ביי אַלע איבערגאַנגס-מאָמענטן קאָנצענטרירט אַרום זיך די דעמאָקראַטישע עלעמענטן. אין איניקע ערטער אין פּאָדאָליע האָט די קולטור-ליגע זיך זייער שיין צעבליט. אין מעדזשיבאָזש, למשל, האָט די ק. ל. פאַרמאָגט אַ אייגענעם לאָקאַל, אַ קינעמאַטאָגראַף, שולן, אַ ביבליאָטעק, אַ קאָאָפּע ראַטיוו, אַ טעאַטער און זאָגאַר אַן אייגענע עלעקטרישע סטאַנציע, וועל כע האָט באַדינט די אַנשטאַלטן פון ק.-ל. און דערצו איניקע הייזער אין שטעטל.

אין קאַמענעצער פּאָדאָלסק האָט די ק. ל. פאַרמאָגט 3 שולן, צווישן זיי איינע אַ מוסטער-שול, אַן אַרבעטס-שול — פון וועלכער עס זיינען געווען אַנטציקט אַלע קיעווער, וואָס האָבן זי באַזוכט. צו דער פאָרשול-סעקציע „אָזע" ביי דער קאַמענעצער קולטור-ליגע האָבן געהערט 3 יתומים-הייזער, 2 קינדער-גערטנער. אויסערדעם האָט קאַמענעצער קולטור-ליגע פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק און אַבאָר. זי האָט אויך פּעריאָדיש אָרגאַניזירט לערער-קורסן, קורסן פאַר פרעבעליסטינס און לעקציעס פאַר דערוואַקסענע.

צו דער ק. ל. האָבן אויך געהערט אָווענט־קורסן פאַר אַרבעטער.

אין פאַרוואַלטונג פון קולטור־ליגע האָבן אויף דעם פרידלעכן אופן געאַרבעט אַ דעמאָקראַט, אַ סאָציאַליסט און אַ קאָמוניסט. מיר האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז די שעהן פון דער קאַמענעצער קולטור־ליגע זיינען געציילט; זי וועט, מסתמא, אין קורצן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ "יידישער סעקציע" ביי דער אָפטיילונג פון פאָלקס־בילדונג.

אין קאַמענעצער קולטור־ליגע איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג און איינשטימיק, ביי איינעם אַן אָפגעהאַלטענעם, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער זי האָט אַרויסגעזאָגט איר סאָלידאַריטעט מיט דעם צענטראַלן־קאָמיטעט פון דער קולטור־ליגע, און זי זאָגט זיך אָפּ דורכצופירן דעם "קאָמוניסטישן גייסט" לויט די אינסטרוקציעס פון אָרגאַניזאַציאָנעלן קאָמיטעט.

די אַרבעט אין קאָמיטעט איז זיך דערווייל געגאַנגען ווייטער. נאָר מיט יעדן טאָג איז געוואָרן קלערער, אַז אויף די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס קלייבן זיך שוואַרצע וואָלקנס און אַז אין קורצן וועט מען מאַכן אַ סוף צו זייער שטאַרק צעוואַקסענער אַרבעט.

עס זיינען דערהאַלטן געוואָרן ידיעות, אַז די אַלע "טשרעזוויטשאַיקעס", וואָס געפינען זיך אין קאַמענעץ, האָבן זיך שטאַרק געגומען אינטערעסירן מיט דעם יידגעזקאָם, מיט די נאַציאָנאַלע קאָמוניסטן (קאָמבונד, יעקאָפּע) און אויך מיט די יידישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער אַרבעט.

אַ באַזונדערן אינטערעס האָבן די "טשרעזוויטשאַיקעס" אַרויסגעוויזן צו די אַמעריקאַנער דעלעגאַטן. עס איז געווען זאָגאַר אַ פּרוב מצד די טשרעזוויטשאַיקעס זיי צו פּראָוואָצירן. קיין ערלויבעניש אויף אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד האָט מען זיי ניט געגעבן, הגם מען האָט זיי אין דעם אויך ניט אָפּגעזאָגט.

די אַטמאָספער איז געוואָרן אַלץ געדיכטער. עס קומען אָן ידיעות, אַז אויף דער בעסאַראַבער גרעניץ זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן אַ סך עמיגראַנטן, מענער, פרויען און קינדער, וועלכע האָבן באַקומען אינפאָרמאַציעס אין יידגעזקאָם.

די דעלעגאַטן פון קאַמענעצער לאַנדסמאַנשאַפט האָבן געמוזט אָפּפאָרן אומלעגאַל, כאָטש זיי האָבן געהאַט אַ פּאַפּיר אַרויסגעגעבן פון פאָרזיצער פון רעווקאָם.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ אינערלעכער קאַמף צווישן דעם רעווקאָם און די „טשרעזוויטשאַיקעס".

די לאַגע ווערט אַלץ ערגער. איך געדענק דעם לעצטן שבת, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין קאַמענעץ. איך גיי אַרויס אין גאַס, און אויף יעדן טראָט שטעלן מיר אָפּ באַקאַנטע און דערציילן מיר אַלץ נייע בשורות: דאָס דערציילט מען מיר, אַז מען פאָדערט אין „טשרעזוויטשאַיקע" אַלס עדות די מיטגלידער פון כאָר ביי דער קולטור־ליגע, וועלכע האָבן דערלאַנגט אַ בקשה, מען זאָל אַרויסלאָזן זייער אַרעסטירטן אָנפירער פון כאָר.

דאָס גיט מען מיר איבער, אַז מען האָט מאָביליזירט אויף אַרבעט אין „טשרעזוויטשאַיקע" אַ באַקאַנטן בוכהאַלטער, אַ יידישן יונגנמאַן, און ער ווערט פשוט משוגע.

אָט גיט מען מיר איבער, אַז אַ באַקאַנטער אַרבעטער, אַ פועלי־ציוניסט, אַ מיטגליד פון אַרבעטער־ראַט האָט, געמוזט פאַרלאָזן קאַמענעץ.

מיר פאַרשטייען, אַז די „טשרעזוויטשאַיקע" האָט זיך פונאַנדערגעהוליעט און קיינער וועט איר ניט קענען איינהאַלטן, אַז זי וועט זיך צו אונז אויך נעמען. נאָר דאָך באַשטימען מיר, יידישע סאָציאַליסטן, צו בלייבן רואיק, ווייל מיר פילן זיך אין קיין זאַך ניט זינדיק, אַפילו פון שטאַנדפונקט פון דער ראַטן־מאַכט.

נאָר גאָר אומגעריכט דערוויסן מיר זיך, אַז דער קאַסיר פון יידגעזקאָם, דער געוועזענער פאָרזיצער און פאַרוואַלטער פון די לאַגערס, אַלגעמיינע און מעדיצינישע (אַ קאָמבונדיסט באַשטימט פון קיעוו), האָט קיינעם ניט דערציילט, אַפילו זיינע חברים פון קאָלעגיע, האָט פאַרלאָזן קאַמענעץ און איז אוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד.

דאָ האָבן מיר דערשפירט, אַז מיט אונז האַלט שלעכט. די „טשרעזוויטשאַיקעס", זייענדיק אין כעס, וואָס אַ קאָמוניסט האָט

זיי פאַרפירט, וועלן זיך געוויס וואַרפן אויף די אַלע, וועלכע האָבן נאָר געהאַט די מינדסטע שייכות צום „יידגעזקאָם" (די פאַקטן האָבן נאָכדעם באַוויזן, אַז מיר האָבן קיין טעות ניט געהאַט). אויסערדעם האָבן מיר אַבסאָלוט ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס האָט געטריבן דעם פאַראַנטוואָרטלאַכסטן טוער אַזוי שנעל צו אַנטלויפן, ניט צוגויפריידנדיק זיך פריער אַפילו מיט די נאָענטסטע מיטאַר־בעטער. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, משער געווען, אַז עס איז געשען עטוואָס שרעקלעכעס. אָבער לאַנג טראַכטן איז ניט געווען קיין צייט: בייגאַכט האָבן מי־, קוים זיך באַוויזן צו זעגנען מיט די קרובים און נאָענטסטע חברים, און זיך געלאָזן צופוס צום גרעניץ. אָפקומענדיק מיט קליינע שטערנישן, זיינען מיר צוזאַ־מען מיט נאָך אַ סך אַנדערע יידן אָנגעקומען אין גאַליציע.

## אונזערע וואַנדערונגען אין גאַליציע און פוילן.

אין ס., דעם נאָענטסטן עטאַפּ פון קאַמענעץ נאָך דעם זברוטש, האָבן זיך געפונען ביז 1,000 קאַמענעצער יידן, דאָס רוב סוחרים, נאָר צווישן זיי זיינען אויך געווען בעלי־מלאכות און דיפּלאָמירטע אינטעליגענטן.

צום אָנהויב האָבן זיך די קאַמענעצער יידן דערשראָקן, ווען זיי האָבן אונז דערזעען:

„אַזוי שלעכט איז שוין אין קאַמענעץ, אַז איר, יידישע סאָ־ציאַליסטן, האָט שוין ניט געקענט דאָרט בלייבן"?

נאָר אינגיכן איז מען אונז געקומען זאָגן, אַז די שטימונג פון דער יידישער באַפעלקערונג איז זייער אַ פיינדלעכע קעגן אונז. די היימלאָזע, איבערהויפּט די פאַרמעגלעכע יידן, וואָס האָבן דאָרטן 30 וויאָרסט פון ס., איבערגעלאָזט זייער פאַרמעגן, טיילווייז אויך זייערע פאַמיליעס, זיינען געווען זייער בייז אויף אונז, די יידישע סאָציאַליסטן, און האָבן געזען אין אונז די סיבה פון אַלע זייערע צרות. זיי האָבן אַפילו אונז געסטראַשעט אַרויסצוגעבן דער מאַכט

דערדאָזיקער קבלת-פּנים פון דעם באַלעבאַטישן עולם — האָט געמאַכט אויף אונז זייער אַ שווערן איינדרוק. מיר זיינען דאָך געווען כמעט די איינציקע פּאַרטיידיקער פון דער יידישער באַפעלקערונג ביי דער ראַטן-מאַכט; פיל פון די, וואָס האָבן אונז איצט געסטראַשעט, האָבן זיך גאַנץ אָפט געווענדט צו די יידישע סאָציאַליסטן, בשעת זיי זיינען געווען אין אַ צרה.

עס האָבן זיך אָבער אויך געפונען אייניקע צווישן די היים-לאָזע, וועלכע האָבן מיט אַלע מעגלעכקייטן געזוכט צו פאַרגרינגערן אונזער לאַגע.

אינגיכן זיינען מיר אָפּגעפאָרן פונדאַנען. זייער פריינדלעך האָבן זיך באַצויגן צו די אוקראַינישע היימלאָזע די יידישע יוגנט פון די גאַליצישע קליינע שטעטלעך, וואָס ליגן ביים גרעניק. מיט גרויס וואַרימקייט און איבערגעגעבנקייט האָבן זיי די יונגעלייט און פריילינס באַגעגנט.

גאָר אַן אַנדער באַציאונג איז געוואָרן, ווען מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין גאַליציע; און דערהויפּט האָט זיך דער אונטער-שייד געוואָרפן אין די אויגן, ווען מיר זיינען געקומען קיין פּוילן.

בשעת אין 1915—1914 האָבן די אַלע טוער אויף דעם געביט פון הילף פאַר די יידן, וואָס האָבן געליטן פון דער מלחמה זיך צוגעקוקט, וואָסער וואַרימע באַציאונג די אוקראַאינישע יידן האָבן אַרויסגעוויזן צו די היימלאָזע פון פּוילן און גאַליציע, האָט זיך ביי זיי ניטווילנדיק געשטעלט די פראַגע: וואָס וואָלט געווען, ווען די אוקראַאינישע יידן וואָלטן אַליין געוואָרן היימלאָזע און זיך גע-נייטיקט אין הילף פון גאַליצישע און פּוילישע יידן — ווי וואָלטן זיך די לעצטע צו זיי באַצויגן?

פאַרשיידענע תשובות זיינען דאַן געגעבן געוואָרן, נאָר דעם ביטערסטן ענטפער האָט געגעבן דאָס לעבן אַליין.

עס איז פּשוט שווער זיך פאָרצושטעלן און צו גלויבן, אַז די פּוילישע יידן, וואָס האָבן אין זייער צייט באַקומען אַזאַ גרוי-סע מאַטעריעלע און מאָראַלישע שטיצע פון די אוקראַאינישע יידן, זאָלן אַזוי גיך אַלץ פאַרגעסן.

נאָר אָבער אויב די יידישע בורזשואַזע בעלי-צדקות טוען

כאָטש עפּעס פאַר די היימלאָזע, טוט די יידישע אַרבעטערשאַפט אין פוילן שוין לחלוטין גאָרניט.

צווישן די הונדערטער טויזנטער יידישע עמיגראַנטן פון אוקראַינע זיינען פאַראַן צענדליקע טויזנטער אַרבעטער, טויזנטער געוועזענע מיטגלידער פון פראָפּעסיאָנעלע פאַראיינען — און דאָך בלייבט דער יידישער אַרבעטער אין פוילן און גאַליציע גלייכ־גילטיק צו זיי.

נישט לאַנג איז מען נאָך געווען חברים אפילו פון איין פּאַרטיי, געהערט צו איין צ.־ק. ; איצט זיינען די נעכטיקע „רו־סישע" חברים פרעמד געוואָרן און מען טראַכט גאָרניט וועגן זיי.

דער עמיגראַציע־שטראָם האָט דערווייל געהאַלטן אין איין שטאַרקן זיך.

דאָס לויפן איז געוואָרן אַ מין פּסיכאָז, מען איז געלאָפן ביי דעם ערשטן צופעליקן שטויס.

מען אַנטלויפט פון אוקראַינע אויפן וועג קיין גאַליציע אָדער קיין פוילן. מען טעלעגראַפירט די קרובים אין אַמעריקע, מען באַקומט די דאָלאַרס, מען בייט זיי אויס אויף מאַרקן און מען שלאָגט אָפּ די טירן פון פון פאַרשיידענע אַנשטאַלטן, כדי צו באַקומען די געהעריקע פּאַפּירן.

עס איז געוואָרן אַ נייע יידישע פּרנסה: „מען פאָרט קיין אַמעריקע". דערווייל באַקומען זיך ניט קיין רואיקע ידיעות פון קאַמענעץ. דער קאַמענעצער „איספּאָלקאָם" האָט געפּרובט אַנט־קעגנשטעלן זיך דער פאַרברעכערישער טעטיקייט פון דער „טשרעז־וויטשאַיקע". נאָך אַ לאַנגן קאַמף האָט די אויבערהאַנט גענומען די „טשרעזוויטשאַיקע" און האָט אַרעסטירט דעם פאָרזיצער פון „איספּאָלקאָם", וועלכער איז געווען אויסגעקליבן אויף דעם לעצטן צוזאַמענפאָר פון די פּויערים און אַרבעטער.



# סך-הכּל.

מיינע קאַרגע זכרונות ויינען געענדיקט. איך האָב פאַר־עפנטלעכט אַלץ, וואָס איך האָב געקענט פאַרעפנטלעכן.

איך האָב זיך גענויער אָפּגעשטעלט אויף דער גרופּע יידישע סאָציאַליסטן, וואָס איז געווען איזאָלירט פון דער גאַנצער וועלט און האָט דעריבער געמוזט אויף אירע אייגענע אחריות פירן אַ פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָליטיק. קיין אַנדער אויסוועג איז פאַר איר ניט געווען.

מיר, די יידישע סאָציאַליסטן, האָבן געהאַלטן, אַז דער איינציקער וועג צו אַרבעטן פאַר די יידישע מאַסן איז — לעבן מיט זיי און בלייבן צווישן זיי. מיר האָבן דעריבער אויסגעמידטן יעדע מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן אוקראַינע און איבערפאָרן קיין מאָסקווע אָדער קיין מערב-אייראָפּע און פון דאָרטן שיקן פאַרשיידענע רע־צעפּטן, ווי אויסצוהיילן דעם שווערן יידישן חולה.

בלייבנדיק אויף די ערטער און וועלנדיק אַקטיוו העלפן די יידישע מאַסן, האָבן מיר געמוזט, פאַרשטייט זיך, גיין אויף קאָמפּראָמיסן און טאָן גרויסע פעלערן. מיר האָבן געלעבט אין אַזאַ עפּאָכע אין אוקראַינע, ווען יעדעס וואָרט, יעדער טאָט פון די פאַרשיידענע יידישע גרופּירונגען האָט געקענט קאָסטן צענדליקע, הונדערטער און אפשר טויזנטער יידישע נפשות.

מיר האָבן דעריבער ניט געקענט בלייבן שטענדיק אויף אויסגעהאַלטענע פּרינציפּיעלע פּאָזיציעס, בשעת דאָס לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געשטאַנען אין קאָן. דאָס איז אפשר געווען גאַנץ לייכט פאַר די, וועלכע האָבן פאַרלאָזן אוק־ראַינע און זיך אַריבערגעפּעקלט קיין מאָסקווע, פּאַריז, לאָנדאָן, בערלין, וואַרשע און נאָך און נאָך.

זייענדיק אין דער היים, האָבן מיר געקענט זיך אַקטיוו באַטייליקן אין דעם אָרטיקן פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, און דעריבער האָבן מיר געטראָגן די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אונזערע מעשים.

איצט, אַז מיר זיינען געצוואונגען צו פאַרלאָזן, מעגלעך אויף אויף אַ לענגערער צייט, אוקראַינע בכלל און פּאָדאָליע בפרט, פאַרנעמען מיר זיך ניט מיט געבן עצות אונזערע חברים און פריינד, וואָס זיינען דאָרט פאַרבליבן.

מיר קענען זיי נאָר שיקן אונזער טיפן ברידערלעכן מיט-געפיל.



## בײלאַגע № I

### פון דער דירעקטאָריע פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק.

„באַזונדערע גרופּן פון קאָזאַקן זײנען אין אײניקע ערטער פון אוקראַינע באַגאַנגען גוואַלדטאַטן בנוגע יידן. לויט די אויסגעפאָרשטע ידיעות, זײנען די קאָזאַקן דערבײ פאַרפירט געוואָרן פון פּראָוואָקאַטאָרן, „העטמאַנצעס“, „פּרײווילליקע“ און פון די, וואָס רופן זיך אָן „באָלשעוויקעס“. זײ האָבן עס געטאָן מיט דעם צוועק, כדי אַרויסצורופן אַ שנאה צו דעם קאָזאַקנטום מצד דער באַפעלקערונג, כדי אַרײנצוטראָגן אין לאַנד אַ צעשפּליטערונג און אומאָרדענונג און אומקערן אויף אַזאַ אופן די אַלטע הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע.

„אײניקע פון די דאָזיקע פּראָוואָקאַטאָרן און פּאָגראָמשטשיקעס זײנען געכאַפּט און דערשאָסן געוואָרן, אַנדערע זײנען איבערגעגעבן געוואָרן אין מיליטערישן פעלד־געריכט.

די דירעקטאָריע באַפעלט די קאָזאַקן פון דער פאָלקס־אַרמײ און אַלע ערלעכע בירגער צו פאַרהאַלטן אַזעלכע פּראָוואָקאַטאָרן און אויך אַלע יענע, וואָס אַגיטירן פאַר גוואַלדטאַטן, און זײ תיכף איבערגעבן אין רשות פון דעם קריגס־געריכט.

און די העטמאַנצעס, די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, וואָס באַהאַלטן זיך אונטער דעם נאָמען פון רעפּובליקאַנער, וואָרנט די דירעקטאָריע אַנטשיידן: דער, וואָס וועט וואַגן צו באַפלעקן אויף דעם אָדער יענעם אופן דעם כבוד פון דער אַרמײ פון דעם אַרבעטנדיקן רעוואָלוציאָנערן אוקראַינישן פאָלק, דער וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן.

דאָס גאַנצע־זשע דעמאָקראַטישע יידנטום רופט די דירעקטאָריע צו אַן ענערגישן קאַמף מיט יענע באַזונדערע אַנאַרכאָבאָלשעוויסטישע מיטגלידער פון דער יידישער נאַציע, וואָס טרעטן אַרויס קעגן דעם

אַרבעטנדיקן פאָלק פון אוקראַינע און איר מלוכה־עקסיסטענץ, ווייל דידאָזיקע עלעמענטן גיבן די העטמאַנצעס און פראָוואָקאַטאָרן אַ מעגלעכקייט צו אַ דעמאַגאָגישער און שעדלעכער אַגיטאַציע קעגן דעם יידנטום, וואָס האָט ניט קיין שייכות צום באָלשעוויזם, און ברענגען די אוקראַינער, די הייסע פאַרטיידיקער פון יעדן אַרבעטנדיקן פאָלק, אין אַ טעות בנוגע דער יידישער דעמאָקראַטיע, וואָס איז ניט אַנאַרכאָ־באָלשעוויסטיש און איז טריי דער אוקראַינישער מלוכה.

געחתמעט: פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע: וו. ווינניטשענקאָ, מיטגלידער פון דער דירעקטאָריע: שווץ, אַנדריעווסקי, מאַקאַרענקאָ, פעטליורע*).

---

*) ז. די יידישע אויטאָנאָמיע און דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט אין אוקראַיינע, קיעוו 1919.

## ביילאגע №.2

די דעקלאַראַציע פון דער אַרבעטנדיקער גרופּע (בעלי-מלאכות) פון קאַמענעצער יידישער קהילה (6 יולי, 1919).

די געשיכטע פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן אין אוקראַינע איז ענג פאַרבונדען מיט דער געשיכטע פון דעם אוקראַינישן פאָלק.

יעדער טראָט פון דער אוקראַינישער ערד איז אויך באַגאָסן מיט שווייס און בלוט פון דעם יידישן פאָלק. דער דרוק אויף אוקראַינע פון פאַרשיידענע אימפּעריאַליסטן איז אויך געווען א דרוק אויף די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן.

די יידישע מאַסן זיינען אין דער צייט פון צאַריזם, צוזאַזאַמען מיט דעם אוקראַינישן פאָלק, געווען באַרויבט פון זייערע רעכט און פאַריאָגט געוואָרן אין דעם געוועזענעם „תחום". דער אַלגעמיינער גורל, וואָס איז אָנגעחתמעט געוואָרן דורך די יאָרהונדערטער ליידן פון דעם יידישן און אוקראַינישן פאָלק, גיט דעם יידישן אַרבעטנדיקן פאָלק א זיכערהייט, אַז די אוקראַינישע ערד געהערט צו זיי, אַזוי ווי זי געהערט דעם אוקראַינישן פאָלק און אַז אין דער אוקראַינישער „כאַטע" איז ער ניט קיין שטיפזון, ניט קיין צייטווייליקער גאַסט, נאָר אַ גלייכבאַרעכטיקטער צוזאַמען מיט דעם אוקראַינישן אַרבעטנדיקן פאָלק, א באַלעבאָס אין אוקראַינע.

דעריבער קען דאָס יידישע אַרבעטנדיקע פאָלק, אין אַ גרויסער רעוואָלוציע, אין אַ מאָמענט פון פּאָליטישער, נאַציאָנאַלער און עקאָנאָמישער באַפרייאונג פון אוקראַינע — ניט בלייבן נייטראַל.

די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן צוזאַמען מיט דעם אוקראַינישן אַרבעטנדיקן פאָלק וועלן קעמפן פאַר א זעלבשטענדיקער

אומאָפּהענגיקער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק.

און דעריבער זיינען מיר זיכער, אַז די בעסטע באַפרידי־קונג פאַר אונזערע יאָהרהונדערטער ליידן קען זיין נאָר אַ פרייע, פון קיינעם ניט עקספּלאָאַטירטע אוקראַינע און אין איר אויפבויען זאָל נעמען אַ געהעריקן אָנטייל די יידישע דעמאָקראַטיע.

אין אַלע מלוכה־און געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן מוז די יידישע דעמאָקראַטיע האָבן אַ פולקומע מעגלעכקייט צו נעמען אַן אָנטייל, אַרויסצוווייזן אַ אייגענע איניציאַטיוו.

דער אויסגעקעמפטער אין XX יאָרהונדערט לאָזונג פון זעלבסטבאַשטימונג פון די פעלקער, אויף וועלכען דאָס אוקראַינישע פאָלק בויט זיין מלוכה, מוז ווערן דער גרונטשטיין פון דער אוקראַינישער מלוכהשאַפט בנוגע אַלע פעלקער פון אוקראַינע.

דעריבער פאָדערן מיר, אַז די פּראָקלאַמירטע נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אַווטאָנאָמיע, וואָס אין איר פאַרווירקלעכונג איז צום גרעסטן פאַראינטערעסירט די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, זאָל ברייט און שטאַרק פאַרווירקלעכט ווערן דורך דעם יידישן מיניס־טעריום, אָרטיקע און צענטראַלע יידישע זעלבסטפאַרוואַלטונגען. מיר האַלטן אונטער דאָס יידישע מיניסטעריום ביי דער אוקראַיני־שער פאָלקס־רעפּובליק און מיר וועלן אויך אַקטיוו מיטהעלפן צו פאַרווירקלעכן די נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אַווטאָנאָמיע, וואָס די יידישע דעמאָקראַטיע האָט אויסגעקעמפט.

דאָס, וואָס אוקראַינע רעפּרעזענטירט אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג, גיט אונז די גאַראַנטיע, אַז אוקראַינע וועט געבויט ווערן אויף די פּרינציפּן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן.

די רעגירונג האַלטן מיר, האָרעפּאַשניקעס, אַקטיוו אונטער און מיר פאָדערן, אַז עס זאָל אַנטשלאָסן און ביזן סוף געפירט ווערן אַ קאַמף מיט די פינסטערע און פּראָוואָקאַטאָרישע עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך אַריינגעריסן אין די מלוכהשע און ציווילע אַנ־שטאַלטן און נעמען אַ דירעקטן אָנטייל אין די בלוטיקע יידישע שחיטות אין אוקראַינע.

די צענדליקער טויזנטער יידן, וואָס זיינען געהרגעט גע־וואָרן אין די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, דער היזק פון דער יידישער

באַפעלקערונג, וואָס דערגרייכט אין די הונטערטער מיליאָנען, די גוואַלדסאַטן, וואָס קומען נאָך פאַר ביז היינטקן טאָג אין די יידישע שטעט און שטעטלעך—רופן אַרויס דעם שטאַרקסטן פּראָטעסט ביי די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסן.

דער חורבן פון די יידישע שטעט און שטעטלעך, וואָס ברענגט מיט זיך אויך אַ חורבן פון אוקראַינע, וואָרים אין דער אָפּגעשטאַנענער אין אינדוסטריעלן זין אוקראַינע שטעלן מיט זיך פאָר די יידן דעם שטאַרקסטן פאַקטאָר פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע אין לאַנד.

---

## ביילאגע №3

# א פאראייניקונג פון „בונד" מיט די „פאראייניקטע" אין אוקראינע.

אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון פאָרשטייער פון די אָרגאַניזאַציעס פון „בונד" און די „פאַראייניקטע", וואָס זיינען טעטיק אויף יענעם געביט פון אוקראינע, וואָס געפינט זיך אונטער דער הערשאַפט פון פעטליורעס רעגירונג. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַראייניקן ביידע אָרגאַניזאַציעס אונטער איין נאָמען: „דער פאַראייניקטער בונד".

אויף דער קאָנפערענץ פון „פאַראייניקטן בונד". וואָס איז פאָרגעקומען, זיינען געווען פאַרטראָטן 26 גרופּן און אָרגאַניזאַציעס פונ'ם אויבנדערמאָנטן געביט: קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, מאָהילעוו, פראָסקוראָוו, ווינניצע, סטאַראָ־קאָנסטאַנטינאָוו, זשמערינקע און אַ ריי אַנדערע קלענערע שטעטלעך*). די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען רעזאָלוציעס: וועגן פּאָליטישן מאָמענט, וועגן די פּאָגראָמען, וועגן יידישן מיניסטעריום און נאַצ.־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע און וועגן דער פאַראייניקונג פון ביידע אָרגאַניזאַציעס.

ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צייטווייליקע צענטראַל־ביוראָ פון „פאַראייניקטן בונד" און עס זיינען געבילדעט געוואָרן קרייז־ביוראָס אין פראָסקוראָוו, מאָהילעוו און קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

אין דער אָנגענומענער רעזאָלוציע וועגן פּאָליטישן מאָמענט זאָגט זיך: די פאַררעטערישע האַלטונג פון דער רוסלענדישער בורזשואַזיע פון איין זייט און די העטמאַנישע רעאַקציע פון דער צווייטער האָבן צוגעגרייט אַ באָדן פאַרן באָלשעוויזם אין אוקראי־

*) אין דער אמתן זיינען ניט אלע שטעטלעך געווען פארטראטן, מחמת ניט אלע איינגעלאדענע דעלעגאטן זיינען געקומען.

נע . די קאָמוניסטן האָבן פאַרשאַרפט די באַציאונגען צווישן שטאָט
און דאָרף, האָבן געבראַכט צו אַ פולקומען חורבן פון דער אַר=
בעטער=דעמאָקראַטיע און צוגעגרייט אַ באָדן פאַר דער שוואַרצ=
סטער רעאַקציע, וועלכע שטיצט זיך אויף דער קאָאַליציע, אויף
דעניקינען און אויף די פּאָליאַקן.

פאַר דער יידישער אַרבעטער=דעמאָקראַטיע איז מעגלעך און
נייטיק צו גיין צוזאַמען מיט אַלע סאָצ.=דעמ. כוחות פון לאַנד,
אום צו ראַטעווען די לעצטע פעסטונגען פון דער רעוואָלוציע,
נאָר ביי פאָלגנדיקע באַדינגונגען : 1) זיך אָפּגרעניצן פון די שאָ=
וויניסטישע קליינבירגערלעכע עלעמענטן ; 2) צוריק אויפשטעלן
אַלע אַרבעטער=אָרגאַניזאַציעס, באַפרייען און אַמנעסטירן אַלע
אַרעסטירטע אַרבעטער און קאָמוניסטן ; 3) בילדן אַרבעטער=ראַטן
אויף צו קאָנטראָלירן די פּראָדוקציע און צו פאַרווירקליכן די
אַרבעטער=געזעצגעבונג ; 4) צוגרייטן די גרינדונגס=פאַרזאַמלונג ;
5) אין אַלע יידישע פראַגן געהערט דאָס אַנטשיידענע וואָרט
דער יידישער אַרבעטער=דעמאָקראַטיע".

אין דער רעזאָלוצע ווענן די פּאָגראָמען ווערט פעסטגע=
שטעלט, אַז עס זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן צענדליקער טויזנ=
טער יידישע נפשות , פאַרניכטעט געוואָרן אָן אַ צאָל שטעט ;
די מלוכה דאַרף אויפבויען די חרוב געוואָרענע ישובים, דאַרף
מאַכן אַ סוף צום פּאָגראָם=שטורים און צו דער גיפטיקער אַנטי=
סעמיטישער העצע און שטרענג באַשטראָפן אַלע שולדיקע, ניט
קוקנדיק אויף זייערע פאַרדינסטן.

(געדרוקט אין „לעבנס=פראַגן, וואַרשע, 21 אָקטאָבער 1921 (396) נומ. 227) .

## בײלאגע .4 №

א. פ. ר.
מיניסטעריום פאַר
יידישע ענינים.
דעפּאַרטאַמענט פאַר
נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג.
אָרג.־אַדמיניסטר. אָפּטײלונג.
№290, קאַמענ.־פּאָד. 2־טער זשאָוועטען (אָקטאָבער).

# צירקולאר.

ווי מע מעלדעט אונז פון אייניקע קהילה־ראַטן, באַנוצט מען זיך דאָרט אין דער געשעפטספירונג נאָר מיט דער העברעאישער שפראַך.

מיר עקלערן דערמיט, אַז דאָס אויסשליסלעכע באַנוצונג פון דער העברעאישער שפראַך איז אומגעזעצלעך.

לויט דעם געזעץ פון 1־טן יאַנואַר 1918 וועגן נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אַוטאָנאָמיע און דער אָנמערקונג צום § 12 פון 18—טן אַרטיקל פון געזעץ וועגן דער יידישער קהילהשער זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון 17־טן קוויטען 1919 יאָר ... (דאָ גייט דער אויסצוג פון געזעץ).

— אַלע פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען פון די קהילה־ראַטן און די גאַנצע בוכהאַלטעריע דאַרפן דורכאויס געפירט ווערן אין די צוויי שפּראַכן: אוקראַיניש און יידיש...

דערפון איז קלאָר, אַז דאָס באַנוצן זיך אין דער געשעפטס-פירונג פון די קהילה-ראַטן מיט דער העברעאישער שפּראַך, אָנשטאָט דער יידישער איז, אַלס אומגעזעצלעכע, ניט דערלאָזבאַר.

מיר מעלדן אייך וועגן דעם צו דער פינקטלעכער אויספירונג.

דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פון נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג (אונטערשריפט)

פאַרוואַלטער פון אָרגאַניזאַציאָנעל-אַדמיניסטראַטיווער אָפּטיילונג (אונטערשריפט)

---

## ביילאגע 5א

# אין יידישן מיניסטעריום.

צוליב דער איבערגאַנגס־צייט האָט דער קלוב קיין מעגלעכ־קייט ניט געהאַט נאָרמאַל צו עקסיסטירן. די ביבליאָטעק איז רואינירט. ס׳איז ניטאָ קיין מיטלען זי אויפצושטעלן. פאַר דער דירה איז ניט אָפגעצאָלט פאַר דעם זומער. קיין מענטשן איינ־לאַדן איז קיין מעגלעכקייט ניטאָ, צוליב מאַנגל אין געלט. דעי־רום בעטן מיר אַרויסגעבן אונז דערווייל צען טויזנט רוב.

דאָס געלט באַפולמעכטיקן מיר באַקומען דעם ה׳...

פאָרזיצער (אונטערשריפט)

12 סעפטעמבער 1919.

בערדיטשעווער יידישער
פאָליטישער ארבייטער
קלוב
בראָניסלאַוו
גראָסער.

# פאַרלאַג ש. שרעבערק, ווילנע.



## עס זיינען אַרויס פון דרוק נייע ביכער:

ש. דובנאָוו:

1) יידישע געשיכטע 10 טייל

ש. אַנ—סקיס אַלע ווערק:

2) פון אייביקן קוואַל I באַנד
3—4) דראַמען, קאָמעדיעס II-III "
5—6) חורבן פוילן, גאַליציע און בוקאָווינע, 4 טייל, IV-V "

ש. ל. ציטראָן:

7—8) 3 ליטעראַרישע דורות I-II "

מ. שאַליט:

9) ליטעראַרישע עטיודן.
10) „לעבן“, זאַמלהעפטן 1-10

ז. סעגאַלאָוויץ:

11) גאָלדענע פּאַווע (ערציילונגען).

א. גומענער:

12) אַ קאַפּיטל אוקראַינע.

מ. ספּעקטאַר:

13) יידישער ערדאַרבעטער.

### לערנביכער.

פּראָפ. שמייל, יידיש ז. רייזען:

14) זאָאָלאָגיע: I זויגעדיקע חיות.
15) " II פייגל, שרצים, פיש.
16) " III דער מענטש (אַנאַטאָמיע)

ז. רייזען:

17) גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך.

קאַסעל און בירנבוים:

18—19) אַלגעמיינע געשיכטע.
I-II דער אַלטער מזרח.

ענגעלשטעהן:

20) לערנבוך פאַר גימנאַסטיק.

## עס דרוקן זיך און וועלן קירצלעך ערשיינען:

### לערנביכער:

ז. רייזען:

21) גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך, II טייל.

קאַסעל און בירנבוים:

22—25) אַלגעמיינע געשיכטע, III-IV מיטלעלטער און נייע צייט
26—27) נאַטורוויסנשאַפט, אַ פּאָפּולערער לערנבוך, צונויפגעשטעלט פון אַ גרופּע לערער פּאַכמענער, צוגעפּאַסט פאַר פאָלקסשולן און מיטלשולן. 2 טייל.

### שיינע ליטעראַטור.

א. מ. דיק:

28—29) געקליבענע שריפטן, 2 בענד.

מענדעלע מו"ס:

30—31) טאַטעס און קינדער, און 2-טער טייל שלמה ר' חיימס.

ש. אַנ—סקי:

32) אויף די אַלטע יסודות (נאָוועלן).
33—34) אַנ—סקיס ביאָגראַפיע, זיינע זכרונות און מעמואַרן, 2 טייל.

א. פראַנק:

35—36) 1. די פּרינצעסין,
2. אויפן ווייסן שטיין.
37—52) קינדער-ביבליאָטעק, 16 נומ'.



אַדרעס: בוכהאַנדלונג ש. שרעבערק, ווילנע, רודניצקער 16.

